# אידיש

דו טוסט מיך אַ פרעג מיט אַ לאַך:
— איז אידיש אַ שפּראַך?
און איך? אָ וואָס זאָל איך זאָגן!
איך בלעטער אַ בוך אַף מיין קני,
און פּלוצלינג, איך בין שוין ניט הי,
איך ווער, ווי אַף פליגל געטראָגן.

אַ שורה פון אונזער אַמאָל, —
עס האָבן די דורות אָן צאָל
דאָ שטיינדלאַך און צוועקלאַך געקליבן!
אַ שטיינדל פון טאָל און פון באַרג,
אַ צוועקל פון גאַס און פון מאַרק
און אונז איז אַ פּאַלאַץ געבליבן.

די שטיינדלאַך פון טאָל און פון באַרג,
די צוועקלאַך פון גאַס און פון מאַרק, —
ווער קאָן זיי דען איצטער דערקאָנען!
גיגאַנטיש הויבט אונזער סטרוקטור
איר קאָפּ צו דעם בלויען לאַזור
און בלענדט מיט די הויכע קאָלאָנען.

דאָך הענגט ניט קיין שלאָס אַף קיין טיר,
עס זיינען פאַר דיר, ווי פאַר מיר
די טירן פאַנאַנדער געפּראַלטע.

## ז. ווײַנפּער

פון דילן, פון באַלקנס און ווענט,
אין אייביקן זונליכט צעבלענדט,
באַגריסן אונז דורות צעשטראַלטע.

און וואויל איז אונז קינדער פון הײַנט,
וואָס פלאַקערט אַף אונז און עס שײַנט
דאָס ליכט פון די זיידעס און טאַטעס.
צום מאָרגן איז לײַכטער דער גאַנג,
ווען הינטער אונז הערט זיך אַ קלאַנג, —
דער עכאָ פון זיידעס און טאַטעס.

עס גליטשט זיך דאָס בוך פון מײַן קני
און אָט בין איך ווידער שוין הי, —
דאָס צימער מיט זונליכט באַגאָסן.
אַ פליג מיט אַ שטילן זשום-זשום
וויגט אום זיך אין לופטן אַרום
און דו האַלסט די אויגן פאַרשלאָסן.

זשום-זשום און זשום-זשום,
דײַן פּנים פאַר׳חלומ׳ט און פרום
פון פליגעשן ניגון.
— איז אידיש אַ שפּראַך?
איך קוק אַף דײַן פּנים און לאַך
און בין איצט מקנה די פליגן.

# קאַפּיטל איינס

## א

ווי אַזוי האָט דאָס געטראָפן ? — איז ניט שווער צו טרעפן.
אַז דער חודש סיון רירט אַ קליאַמקע, טוט זיך טיר אַליין אָן עפן,
ווי אַ שטייגער — נאָר צו וואָס די אַלע מעטאַפאָרן ? —
הירש האָט הערנער, בוים האָט צווייגן,
נו פאַרטשעפּעט צווייג אַ האָרן.

ווער איז שולדיק, צווייג צי האָרן ? ביידע גאָרניט שולדיק,
צווייג פון ווינט און הירש פון יעגער, — ביידע אומגעדולדיק.
זיך צעוויגט און זיך צעיאָגט, נו טרעפט זיך, ווי עס טרעפט זיך,
הירש צום צווייג איז אָנגעלאָפן, זיך פאַרטשעפּעט און באַהעפט זיך.

איבער בערג צעגליטע קוקן איבער זיך קאָלירקע האָטעלן,
שפּילט די סיונזון זיך איבער אויסגעשפּרייטע אַקוואַרעלן,
וועקן זיך די שלעפעריקע טעג אויף, ווי פון צאַרטער האַנט אַ טאָרסע,
ציען זיך די שעה'ען מיטן וואַסערפאַל געזאַנג
און שטילן טויבנוואָרקע.

סיונצייט, רופט גרינע ערד דיך, ווי אַ מיידלש אויגנפינטל,
טראָגסט זיך איבער איר אַ לייכטער, ווי אַריבער דיר, דאָס ווינטל,—
הוליע־קוליע, אָן אַ סיבה, גלאַט אַזוי דאָס האַרץ דערפרייט זיך,
אויג אין אויג פאַרשלינגט זיך,
בליק מיט בליק אויף שטום פאַרשטייט זיך.

## ז. ווײַנפּער

ווערן גרעניצן פּאַרווישטע, ברעכן אויס זיך אַלע צאַמען,
פֿלירט מיט קעלנער־יונג אַ טעכטערל פֿון רײַכע טאַטע־מאַמען, —
ער האָט גרויסע, שוואַרצע אויגן און אַ הויט, ווי פֿון אַליוון,
זי אַ ליכטיק־בלאָנדע, ווי די זון אין חודש סיון.

עסנצײַט באַדינט ער זי צוגלײַך מיט אַלעמען באַ טישן,
נאָכ'ן עסן העלפֿט זי לאַכנדיק אים דאָס געשיר צעווישן.
מערקט זיך — ברוינע ערד האָט זיך מיט סיונדיקער זון געטראָפֿן,
פֿילט זיך: — הירש איז אין אַ צווײַגנדיקן בוים אַרײַנגעלאָפֿן.

ב

וואָנצלדיקע יונגעלײַטלאַך שפּילן פֿלינק אין גאָלף און טעניס.
איז דאָך יעדער אַן אַפּאָלאָ, טרוימט אַפּאָלאָ פֿון אַ ווענוס, —
ווערזשע אויב ניט רײַטשל קאָן זיך דאָ צו ווענוס'ן פֿאַרגלײַכן?
פּרואווט דאָס מזל יעדער איינער באַ דעם טעכטערל, דעם רײַכן.

וואָנצלדיקע יונגעלײַטלאַך רײדן צו איר פֿײַן און איידל,
שמייכלט רײַטשל, גלעטנדיק אַ קנײַטשל אױף איר קליידל.
פֿלוצלינג, אומבאַמערקט פֿאַר יעדן, גאָר אינמיטן דרינען,
ווערט פֿאַרשווינדן רײַטשל, און מען קאָן זי ניט געפֿינען.

שפּעטער טרעפֿט מען זי אין דרויסן, פֿלאַפֿלענדיק צום קעלנער,
שפּאַנט מען זײ פֿאַרבײַ מיט ברייטע פֿאַראויס,
ווי די מושטירטע זעלנער.
שמייכלט צו זיך דוד: וואָנצעלאַך מיט גלאַט פֿאַרקאַמטע קעפּלאַך!
קרומט זיך רײַטשל: קעפּלאַך?
ניין, דאָס זײַנען פּוסטע, לערע טעפּלאַך!

וואָנצלדיקע יונגעלײַטלאַך האָבן מערסטן איידעלע מאַניערן, —
וואו אַ צווייטער, וועט אַ דריטער קיינמאָל אים ניט פּרואוון שטערן.
לאָזט מען דוד'ן אױף דער וועראַנדע איבער מיט דער ווענוס
און מען לאָזט זיך שפּאַנען צו דעם פֿעלד אַריבער שפּילן טעניס.

## אייגנס

שפּילט מאַראַנצנגאָלד אַף בערג זיך אום
און זון נעמט שטיל זיך זעצן,
זשומען פּילקעס הינ־צוריק און שלאָגן אָן זיך אָן די טענים־נעצן.
באַלד קומט אָן די נאַכט און הערצער טוען ברייט זיך אַ יצעפּן,
שמייכלט רייטשל: דייווי, וואָזשע וועט מען זיך אין אָוונט טרעפן?

סטאַטנע דאַמען פאַרשן פון וועראַנדע פּאָרל מיט די בליקן,
שטילערהייט באַשליסט מען אַנאָנים נאָך טאַטע־מאַמע שיקן,
נאָר מען שיקט ניט, — זומערליבע וועט זיך סייווי גיך פאַרווישן,
קיינער וויל דעם אייגן לעפל אין אַ פרעמדן טאָפּ ניט מישן.

אָבער ריידן, רעדט מען צווישן זיך און יעדעס מאָל מיט חידוש:
— וואָס האָט זי דערזען אין קעלנער־יונג,
וואָס רעדט ניט מער, ווי אידיש?
אָוונט שפּרייט שוין פון די בערג די שאָטנדיקע פּאַלעס,
וואָנצלדיקע יונגעלייטלאַך קערן זיך פון פעלד אום, ווי אַפּאָלאָס.

ג

שווינדן טעג פון סיון, קומען שענערע מיט חודש תמוז,
פילט זיך רייטשל אין די בערג, ווי אינם שוים דער מאַמעס.
טעג, ווי זשוואַוועדיקע הירשן, אָוונטן, ווי שטילע ציגן,
דוד פירט איר אין אַ פּאַלאַץ איבער ווייכ־געבעטע שטיגן.

מאָדנע, רייטשל שפּאַנט צום ערשטן מאָל אין אָט די ברייטע זאַלן,
און עס דאַכט זיך איר, אַז ערגיץ הינטער טונקעלע וואַלן
האָט זי זיי געזען שוין. וואו און ווען? זי קאָן זיך ניט דערמאָנען,
אָבער אייגן איז איר דאָ דער דיל, די ווענט, און די קאָלאָנען.

דער, אָט דאָרט, מיט הויכן שטערן אין דעם ווייסן ציגנבערדל,
שלעפּט זיך איבער וועג און בויד און פּאָכעט בייטשל איבער פערדל.
רייטשל קוקט און קוקט, און בלויער ווערן אירע בלויע אויגן, —
דוד שיינט אוף, ווי אַ הימל אין קאָליר פון רעגנבויגן.

## ז. ווײַנפּער

גוט איז איר, וואָס דייווי איז אַן אייניקל פון יענעם אַלטן,
וויפל אוצרות זיינען אין דעם אַלטן זיידנס בויד באַהאַלטן, —
דייווי איז אַ יורש, וועט ער די ירושה מיט איר טיילן,
רייטשל שפּאַנט, און דוד הערט ניט אויף דערקלערן און דערציילן.

און אָט יענער איז דער טאַטע — ווייזט איר דוד מיט אַ פינגער. —
איז געווען אין דער משפּחה אונזער שענסטער זינגער.
תמוז־זון דורך פענצטער, שפּילט זיך גאָלד אום איבער אַלע זאַלן,
ווערן דין און דינער די געוועבן פון די טונקעלע וואואַלן.

גוטע פעטערס, ווי די דעמבעס, שלאַנקע ברידער, ווי קאַלאַנען,
רייטשל חידושט זיך און עפּעס הויבט זיך אָן איר צו דערמאָנען.
אַרום איר וואַזאָנע־שפּראָצן. דייווי איז אויך אַ וואַזאָנע, —
אָוונט שפּרייט אוים איבער זיי דאָס ליכט פון זילבערנער לבנה.

ד

נאָר ניט שטענדיק גייט מיט שיף אַפילו אויף דעם שטילסטן ים
אויך אַלץ כשורה,
אָפּטמאָל האָט זיך אויך אַ ריס דערהערט
אין זייער ליבעס־אָוווערטורע, —
ליערט דען ניט אויף אַ זונשטראַל יעדעס מאָל אַ שוואַרצער שאָטן?
זייער שטראַל האָט דורכגעבראָכן, ס'איז דעם שאָטן ניט געראָטן.

אָוונט. די ווערענדע פול מיט מענטשן, האַלבע און אין גאַנצע קרייזן,
אַלע אָפּ'ן קול, די שפּראַכן פיל און יעדע שפּראַך מיט גרייזן.
דוד שווייגט און לאָמפּנשיין שפּילט אום אויף דימענטן און פּליכעס.
פּלוצלינג וואַכט ער אויף און טוט אַ בייזן זאָג: — צו אַלדע רוחות!

קוקט אים רייטשל אָן מיט אויגן ברייט צעעפנטע און חידוש:
— ליבער, — זאָגט זי, — איך פאַרשטיי נאָך ניט
קיין שווערן אידיש.

# איינגנס

ווערט ער שטעכיק, זאָגט איר,
אַז עס פּאַסט איר ניט דאָס שטערנקנייטשל,
און ער רייצט איר: — רחל, רחל, רחל'ע. — אַבי ניט רייטשל!

ווערט זי אָנגעבלאָזן און פאַרבייסט אַ ברוגז'ע די ליפּלאַך,
ווערט די גאַנצע לופט אַרום אַ ביימוול־קנויל מיט שווערע קניפּלאַך,
ביידע ווילן אופקניפּן, יצעבינדן,
נאָר נאָך שווערער ווערט דער פּלאָנטער, —
ווער עס האָט אַמאָל געליבט, איז אים דער פּלאָנטער אַ באַקאַנטער.

מיט דער ליכטיקער ווערענדע קוקט אַ הויכער באַרג זיך איבער,
ווינטל וויגט זיך, וואַרפט אַריין די ביימער אין אַ שטילן פיבער,
פיבערט דוד'ס האַרץ אויך אויף,
נעמט ער צערטלען רייטשלס פינגער:
— רחל, מיר איז פּלוצלינג שווער געוואָרן. איצטער איז מיר גרינגער.

— רחל, — זאָגט ער, — דאָ אויף דער ווערענדע איז אַזוי יערידיש,
פינקלט רייטשלס פּנים, ווי אַ בעכער ווין פון שבת'דיקן קידוש,
פינקלט אויף, צעמיניעט זיך אַזוי, אַז עס שוימט אַריבער.
— יאָ, ס'איז רוישיק, — זאָגט זי, —
אָבער רעד אויף ענגליש, ליבער.

דוד'ס פּנים שמייכלט: נו גענוג, גענוג שוין די קאַפּריזן, —
די לבנה שפּאַרט דורך ביימער זילבערדיקע שפּיזן,
און אין שיינענדיקן ליכט פון בלייכער זילבערנער לבנה,
ווייסט דאָך יעדערער דעם אַנדערנס פאַרבאָרגנסטע כונה.

לאָזן זיי זיך שווייגנדיק אַרונטער פון די ברייטע שטיגן, —
זיי אַנטקעגן צווייגנדיקע ביימער נעמען זיך צעוויגן,
שפּאַנען זיי אַרום און פילן ווידער נאָענט זיך און אייגן,
פלעכטן פינגער זיך און ריידן שוין פאַר זייערט וועגן.

## ז. ווײַנפער

### ה

זײַנען העלע זומערדיקע טעג, ווי הירשן זיך צעלאָפן,
ווינטלאָך האָבן שוין דעם שפּעטן האַרבסט אין וועג געטראָפן
און מיט בײַזער זיך צעוויגט אַף פענצטער און אַף שוועלן
האָבן ביסלאַכווײַז גענומען בײַטן זיך די אַקוואַרעלן.

האַרבסט איז פאַר דער בוים און גראָז, ווי פאַר די שאָף דער שערער,
וועלקט דאָס גראָז און צווײַגן אַף די בײַמער
ווערן שיטערער און לערער.
פײַכטע וואָלקנס ווערן אָן די שפּיצן פון די בערג צעשלאָגן,
טראָט פון מענטש ווערט שווערער און דאָס האַרץ נעמט נאָגן.

איינמאָל איז אַ רעגנדיקער טאָג פון הינטער בערג געקומען,
און פאַרנאַכטצו בײַם אַוועקגיין לעצטן מענטש מיט זיך פאַרנומען,
האָט דערנאָכדעם האַרבסט קאַטאָוועסלאַך גענומען טרײַבן
און מיט רויטן גאָלד גענומען איבער בערג און טאָלן שרײַבן.

טרעפן זיך אַף סטעזשקעלאַך די באַלעבאַטים פון האָטעלן,
שאָקלען מיט די קעפּ: וואָס זאָגט איר אַף דעם זומער,
אַף דעם שנעלן?
ווי להכעיס וואַרפט מיט בונטן גאָלד דער האַרבסט
אַף טײַך, דעם רײַנעם,
נאָר דאָס בונטע גאָלד ווערט ניט באַוואונדערט איצט פון קײנעם.

וואו איז דוד? ער וואָלט הײַנט דאָך אָנגעטאָן דעם האַרבסט אַ כבוד!
נאָר אַז רחל איז אין שטאָט שוין, איז אויך דאָרטן דוד.
גילדיק איז דער האַרבסט, נאָר גילדיקער איז כביכול
איצט פאַר דוד'ן אין שטאָט דאָס בלאָנדע מײדל רחל.

# אייגנס

מאַלט דער האַרבסט פאַר זיך אַליין,
איז זיין פּנים רויט ווי צונטער,
הירשן לאָזן פריי איצט פון די בערג אין טאָלן זיך אַרונטער.
זיצן אָבלדיקע באַלעבאַטים אַף ווערענדע־שוועלן;
נעמען בּיסלאַכווייז פאַרשלינגען זיך די טירן פון האָטעלן.

ז

רייטשל וואוינט מיט טאַטע־מאַמען,
איז דאָרט שבת'דיק אויך אין דער וואָכן,
דוד איז בּאַ פרעמדע, פּראָסטע מענטשן אין אַ צימערל אַ שכן,
רייטשל'ס אומרו שטיקט זיך צווישן ווענט
און פענצטער מיט גאַרדינען,
דוד וועבט אים איין אין ראַנדאָס, אין סאָנעטן און טערצינען.

קומען בריוולאַך, קליינע, גרויסע, קלינגען אָפט די טעלעפאָנען, —
הונגעריקע קינדער כאַפּן פון די טעלער, וואָס זיי קאָנען!
בייזערט זיך די מאַמע, ברומט דער טאַטע
שטיל צו זיך פאַרדריסלאַך, —
הונגעריקע קינדער ווערן דאָך ניט זאַט פון בלויזע ביסלאַך!

גרויסשטאָט איז אַ גוטע גווידערדיקע מומע, פעט און בייכיק,
שלעפט זי הוסטנדיק איר זאַק און אָטעמט שווער און פרייכיק.
גוטע גווידערדיקע מומע וויל די אירעקע דאָך ניט צעשיידן,
לאָזט זי איילנדיקע באַנען לויפן דורך די איינגעווייידן.

זעט מען זיך אין אָוונט, לויפן שעה'ען, ווי מינוטן.
רייטשלס טאַטע־מאַמע ווייסן, נאָר זיי טייטשן ניט צום גוטן.
קלאָגט זיך רייטשל: „טאַטע־מאַמע לאַכן אָפּ פון נאָמען דוד".
שמייכלט דוד: — „טאַקע, טאַקע, ס'איז פאַר זיי אַ קנאַפּער כבוד!"

ציען געסלאַך זייטיקע מיט הייזקעס קליינע, שטילע,
דאָ און דאָרט אַ ביימל שוואַרצט זיך, ווי אַ נאָנע אין איר תפילה.
פלאַפּלט דוד פון אַ יונגנמאַנטשיקל מיט אַ דענטיסט דיפּלאָמע:
— טאַטע־מאַמע וועלן נאָך אין דיר דערלעבן אַ נחמה.

## ז. ווייַנפּער

שמייכלט רייטשל אים אנטקעגן, ווייזנדיק די ווייסע צייַנדלאך,
דאַכט זיך דוד'ן, אַז פינגער שוועבן אום אַף פּיאַנע־ביינדלאַך,
זינגט דאָס האַרץ, צעזינגען טריט זיך איבער האַרטע טראָטוארן,
פילט מען שוין ניט ווי מען שפּאַנט אַרייַן אין רוישיקע ווירוואַרן.

דאָ איז גרויסשטאָט ניט קיין מומע מערער, נאָר אן אוזורפּאַטאָר,
זיצט אַ שטאָלצער אַף זייַן פערד אַן אויסגעכאָליעטער, אַ זאַטער.
וואַרפט מען פייערווערק לכבוד, קלינגט מען אין די גרויסע טאַצן:
— אונזער הערשער! — קלינגען מיט די גלעקלדיקע מיצלאַך,
די פּאַיאַצן.

בייַכיק־פליכעוואַטע בירגער פילן אָן מיט אלדעם גוטס די זעקלאַך,
שלעפּן זיך דערנאָך הכנאה'דיק צום אוזורפּאַטאָר מיט די פּעקלאַך,
נעמט ער גרויסמוטיק זיי אָן און שמייכלט, ווי אַ געטשקע צום מזבח,
גייט פון יעדן ווינקל אוף דאָ אַ קרבנות'דיקער ריח.

דאַכט זיך דוד'ן, אַז אים און רייטשלען שלעפּט מען אויך אין זעקל,
צווישן אַלע שווערע פּעקלאַך זייַנען זיי אויך מער ניט, ווי אַ פּעקל,
באַלד וועט עמיצער אַף זיי אַ רויטן פייער־פלאַם צעצינדן,
ער מיט רחל'ען וועלן אינם רויטן פייער־פלאַם פאַרשווינדן.

דריקט ער רייטשלס האַנט ביז ווייטיק,
אײַלט דער טראָט אוועק פון דאַנען, —
ערגעצוואו ניט ווייט פון דאַנען, איז אַ רואיק אָרט פאַראַנען,
זייטיק־שטילע געסלאַך, בענק און ביימער אַף די שמאָלע סקווערן,
גרייכט דער פייער־פלאַם אַהין ניט, וועט ער זיי דאָרט ניט פאַרצערן.

דוד, רייטשל, — וואוילע קינדער, — לאָמיך זיי אָט דאָ פאַרלאָזן, —
איבער שטאָטיק קליינעם פּאַרקל האָט אַ ווינטל זיך צעבלאָזן.
ווי די עופות זיך באַפרייט און אויפגעבונדן פון די שטריקלאַך,
זיצן זיי איצט אַף אַ באַנק און טיילן זיך מיט פרייד צו שטיקלאַך.

# אייגנס

## קאַפּיטל צוויי

### א

ווינטער אָוונט. אין אַ ווינקל פֿונ׳ם צימער זינגט דער ראַדיאַטאָר,
גוט איז איצט צו זיצן אין אַ שטול און טראַכטן,
אַז מען איז אַן אַוויאַטאָר,
טראָגט אַן עראָפּלאַן דיך אין דער הויך
און שניידט די לופֿט אין שיין פֿון דער לבֿנה,
אָדער גאָר די אויגן לאָזן הענגען איבער אָט דער גרינלאַכער וואַזאָנע,
וואָס באַם אָנגעפֿראָרן פֿענצטער
מיט די אויסגענייטע ראָזעווע גאַרדינען.
אָבער אָט אַזוינע נאַרישקייטן קאָנען קומען בלויז אַזאַ מין יונג,
ווי מיר און דוד׳ן אין זינען.

רייטשלס פֿאָטער איז דאָך ניט אַזוינער, זיצט ער און ער טראַכט
פֿון משוגעת אַף „ראָזן“,
וואָס פֿאַריזער מאָדע האָט אַהער געבראַכט.
זיצט און הערט ניט אויף צו בלאָזן
רעדלאַך רויך פֿון דעם ציגאַר. טונקלט זיך דאָס ליכט אום
פֿון די לאָמפּן,
וואָס אין אַלע ווינקלען פֿונ׳ם צימער, ווי די אויסגעפּוצטע גלאָמפּן.
שטייט פֿאַר אים דאָס ניט דערטרונקען טעפּעלע מיט קאַפֿע,
און די מוטער ליגט אַנטקעגן אויסגעצויגן אַף דער זאָפֿע,
צערטלט זיך אין פֿעניואַר דעם ווייכן, שפּילט זיך
מיט אַ דימענט אַף אַ פֿינגער,
טראַכט מיט אומעט פֿון די יאָרן, וואָס פֿאַרגייען :
„מע ווערט עלטער און ניט יונגער !“
פּלוצלונג וועקט איר פּאַפּאַס קול :
— און וואו איז אונזער טאָכטער רייטשל ?

## ז. ווײַנפּער

ענטפֿערט זי ניט. קוקט דער פּאַפּאַ אַף דער מאַמעס
שטערנקנײטשל,
ווײסט ער שוין און מורמלט: — כ'האָב געמײנט אַ שפּיל,
צום סוף איז דאָס גאָר כראָניש.
זיפֿצט די מאַמע אָפּ און קלאָגט זיך,
אַז די טאָכטער איז עקשניש:
— טאָג און נאַכט נאָר דײוויד־דוד, און וואָס דאַרפֿסטו מער?
זי לערנט זיך דאָך אידיש!
שווײַגט דער פּאַפּאַ, נאָר זײַן פּנים רינצלט זיך
און מיניעט זיך פֿון חידוש:
— אָט אַזויאָ האַלט עס? — פּלוצלונג נעמט ער ווידער
רעדלאַך רויך צו בלאָזן,
רעדט פֿון שאָפּ און פֿון דעם מאָדנעם משוגעת מיט ראָזן:
— מענטשן אין די קלײנע ביזנעס וועלן הײַנטיקס יאָר זיך רואינירן.
ווײסט די מאַמע, אַז ניט דאָס איז אַף זײַן האַרצן, העלפֿט זי פֿירן
דעם געשפּרעך אַף ווײַטער — אפֿשר וועט דערפֿון
אים גרינגער ווערן.
פּלוצלינג נעמען פֿונ'ם קאָרידאָר זיך יונגע, לײַכטע טריט דערהערן.
רײטשל פֿאַלט אַרײַן און קושט דעם טאַטן און דער מאַמען:
— ניט געמײנט זיך אַזוי לאַנג הײַנט צו פֿאַרזאַמען! —
רעדט און לאַכט: — אָ, ס'אַרא ווײַסער שניי איז איצט
אין דרויסן אָנגעשאָטן! —
זי און דוד האָבן לאַכנדיקע איבער אים געשפּרונגען און געטראָטן, —
און די בלויע אויגן לײַכטן מיט אַ בליק אַזאַ דערפֿרײטן,
גײט די פֿרײד אין צימער אוף ווי פֿון אַ פֿעלד
מיט תּבֿואה אַ פֿאַרזײטן.

— טאָכטער, — זאָגט די מאַמע, — האָסט נאָך הײַנט
אין מויל דײַנס ניט גענומען!
ציט דער טאַטע דעם ציגאַר און הערט אַ ברוגז'ער ניט אוף
צו ברומען:

# אייגנס

— לויפט ארום א גאנצן אָוונט, ווייסט דער גוטער יאָר מיט וועמען!
חנדלט רייטשל זיך ברוגז: — פּאפּא, כ׳וועל דיך ניט פאַרשעמען!
און דער אויסרוף קלינגט אוף, ווי א שווערד צום קאמף געצויגן,
זעט מען איין, אז בייזע ווערטער וועלן דאָ צו גאָרניט טויגן,
קוקט מען מיט די בליקן איינגעהאַלטענע און שווייגנדיק זיך איבער:
— וואָס זשע טוט מען פּאָרט מיט אָט דער טאָכטער, אָט דער ליבער?

רייטשל גייט אוועק זיך אָפּפרישן און הענט זיך וואַשן,
מאמא קלינגט דער קעכין: — עפּעס וואָס פאַר רייטשעלען צו נאַשן,
נאָכדעם שפּילט זי שמייכלענדיק זיך מיט די דימענט־רינגען,
און דער ראַדיאַטאָר הערט ניט אוף דאָס לידעלע צו זינגען,
פּלוצלינג פרעגט זי: טראַכסטו איבערפאַרבן דעם רעזערוו אף ראָזן?
נאָר דער פּאַפּא שווייגט, און ווערט ניט מיד דעם רויך צו בלאָזן,
בלאָזט און קוקט, ווי רעדלאַך קיילעכדיקע הויבן זיך און דרייען,
דרייען זיך, צעגייען זיך, פאַמעלאַך אין דער לופטן און פאַרגייען.

שאַרט די שטילקייט זיך אין צימער, ווי אף מייזלדיקע פיסלאַך,
פּאַפּעס אויגן קוקן שטאַר, נאָר פּנים רינצלט זיך פאַרדריסלאַך:
— דוד... בלויז דער נאָמען ברענגט צו אים דעם ריח פון זיין שטעטל!
אָטאָ זעט ער עס. און איינגעפלאַנס: באַ דער גרעבליע אף א ברעטל
איז פאַרצייכנט: „עפּעס מער פון הונדערט אידן" —
ער איז איינער פון זיי אַלע —
פרייטיק באַקט די מאַמע אינ׳ם אויוון פרישן ברויט און חלה,
נאָר אינמיטן וואָך איז אָפט קיין שטיקל ברויט שוין ניט פאַראַנען.
טאַטע אף די דערפער, האַנדלט מיט איוואַנען און סטעפאַנען: —
חזיר־האָר און פעלאַכלאַך, האָניק־וואַקס און הינער, הענער.
גאָט צו דאַנקען. כאָטש א פרומער, אָבער גויאיש ריידן קען ער.
נו, פאַרדינט זיך אָפט אף שבת, אָבער זעלטן ווען אויף מאָנטיק,
איז דאָס דחקות אף די פּנימ׳ער פון הויזגעזונט
ניט איינמאָל קאָנטיק.
שבת אין בית־מדרש לעבן טאַטן אין זיין אַלטן טלית
און נאָך עלטערער עטרה

## ז. וויינפער

זאָגט ער איבער זינגענדיק פאַר אים דעם שיר
פון „שור שנגח את הפרה“,
זינגט און שאָקלט זיך געשמאַק,
און קראַצט דאָס קעפּל דורכ'ן היטל: —
וויפל האָט ער דאָרט געלעבט? ער חשבונט אויף די יאָרן —
פונקט א דריטל!
— דריטל! דריטל! העגנסט מיר ווי אן הויקער אף די פלייצעס.
רייטשלס מאַמע זעצט זיך אף א פור,
דער בעל עגלה נעמט די לייצעס,
מאַמע כליפעט אפן קול, דער טאַטע שווייגט
און לאָזט א טרער אין בערדל:
— פאַר געזונט און שרייב א... פלוצלונג ציטערט אוף
דאָס דאַרע פערדל,
מאַרק און שטיבער דרייען זיך אוועק און אוים איז מיטן שטעטל.
פערדל טראָגט זיך איבער בריק און באַלד,
איז אוים אויך מיטן ברעטל.

## ב

יענע נאַכט האָט ער שוין אויסגעהערט דעם זייגער
אַלע שעה'ען שלאָגן. —
שיפן איבער שטורעמדיקע ים'ען האָבן זיך אָן פעלזן אָנגעשלאָגן,
שטייען אף אן אינזל הילפלאָזע,
די קוים געראַטעוועטע פאַסאַזשירן, —
שיפן דאָ צעשלאָגענע, — ווערזשע וועט אונז הילפלאָזע
צו ברעגן פירן?
ברוויזנדיקע כוואַליעס וואַרפן זיך צום אינזל,
רייסן שטיקער שטיינער:
— מאַמע! רייטשל! אַרום אים איז פוסטקייט, און ניטאָ איז קיינער.
קראַכנדיקע דונערן צעקייקלען זיך און בליצן, בליצן, בליצן;
— מאַמע! רייטשל! — ער איז פאַפּא, דאַרף ער דאָך באַשיצן.

# אייגנס

פֿלוצלינג מאַכט ער אויף די אויגן. —
זייגער שלאָגט די שעה'ען מאָנאָטאָנע, —
וואויל איז אים, — ווייב און טאָכטער
זיינען דאָך ניט אין קיין שום סכנה,
מאַמע וועקט זיך, פּרוּווט אַ שלעפעריקע עפּעס צו אים זאָגן
און דערזאָגט ניט, — און דער זייגער הערט ניט אויף
די שעה'ען שלאָגן.
טיק־טאַק־טיק. — רייטשלס פּאַפּאַ דרייט זיך אום אהער, אהין
אַף אַלע זייטן. —
אויטאָס יאָגן זיך אין גאַס, לויפט אַן אויטאָ אַף אַ אינגל,
אַ פאַרשייטן!
ווידער אָבער עפנט ער די אויגן, —
וואָס האָט דען מיט אים געטראָפן?
שטיל און רואיק איז אין צימער, ווייב איז בא זיין זייט
נאָך פעסטער איינגעשלאָפן,
און אין צווייטן צימער איז אויך רואיק, —
שלאָפט די טאָכטער אויך מסתמא:
— גוטע קינדער, — טראַכט ער, — טאָכטערל איז פּונקט,
ווי איר נאַאיווע מאַמע.
דורכ'ן פענצטער שיינט אריין דער דרויסנדיקער נאַכט־לאַמטערן,
נעמען אַלטע בילדער אינ'ם ציטערדיקן שיין אויפגעלעבטע ווערן.

ג

לעמפּעלאַך קאַלירטע בא דעם אומבאַקאַנטן ברעג
צעוויגן זיך, ווי אויגן,
און אַ נאַכט אַן אומבאַקאַנטע איז אַף אים און שיף פאַרצויגן,
ניט קיין האָן־געקריי, נאָר עפּעס פרעמדע קולות רעווען, ברומען,
מענטשן שרעקנדיקע, פּונקט ווי ער, וואונדערן זיך:
— טאַקע שוין געקומען?
אַף אַ הויכן פּעדעסטאַל אַ גרויסע בראָנזענע נקבה

## ז. ווײַנפּער

וואַרפט אַ ליכט אויף זייער שיף,
ווי די פּלוצלינדיקע זון אויף נח'ס תבה.
פילט מען דופט פון ערד און ריחות פון צעגרינטע שפּראָצן,
שיף ציט רואיק און פּאַמעלאַך זיך אַריין
אין אויסגעשפּרייטן האָדסאָן.

פּלוצלינג פילט מען — הינטער זיך
איז נעבעכדיק־אַלטער גאָט געשטאָרבן,
נייער גאָט פון אומבאַקאַנטן לאַנד שטרעקט אויס די הענט
און וויל אַ קרבן,
שליסט מען ציטעריק די קעסטלאַך אויף, צעעפנט מען די פּעקלאַך,
פאַלן אויף דעם נייעם גאָטס מזבח טלית־קטנ'ס
און געהעפטע תפילין־זעקלאַך.
און דערנאָך, די שבת־יום־טוב'דיקע טעג, ווי טעג פון אינדערוואָכן.—
לעדער־פּאַסן יאָגן, יאָגן, רעדער לויפן, קעסלען זידן אום און קאָכן,
ער איז צווישן זיי, — די הענט און פּנים איינגעשמירט,
ווי בײַ אַ רוח'ל,
נאָר פון בוזים טראָגט זיך טרייסט פון אַ פאַרשמאָלצטן ביכל, —
ביכל, ביכל, ביכעלע, — גרעסער און געדיכטער
ווערן דאָרט די ציפער,
אָפטמאָל פאַלט אים איין, אַז אָט דאָס ביכל
איז אַ שפּיצל פון לוציפער,
דעמאָלט וויגט ער זיך, ווי צווייגל אין אַ שטורעם, פול מיט אימה,—
שד מיט הערנער טאַנצט אום צווישן לעדער־פּאַסן
מיט די פּיס פון אַ בהמה.

ד

ציען שעה'ען זיך נאָך שעה'ען, דרייט ער זיך אין בעט
אויף אַלע זייטן,
נאָר ווי אויף אַ קינאָ־לײַוונט בילדער הערן זיך ניט אויף צו בײַטן, —
אָט איז ער אַ באָסעלע שוין פון אַ קליינעם קליידער שעפּל,

## איינגנס

זיצט בא אים אין אָפיס׳ל א מיידל מיט א בלאָנד געלאָקטן קעפּל,
זיצט און קלאַפּט א גאַנצן טאָג מיט פינגער
אף דער שרייב מאַשינע;
מערי איז אַמעריקאַניש און זי קוקט אַרונטער אף די גרינע.
צאַפּלט ער זיך יעדן טאָג אַרום איר, ווי א היימיש, צוגעבונדן הינטל,
טראָגט א דימענט צוליב איר און קעמט די האָר זיך מיט א שרינטל:
— מערי, אונזער אָפּיס איז א קליינער, —
זאָגט ער כלומרשט דיפּלאָמאַטיש,
קוקט אים מערי אָן און קייט דאָס שטיקל „גאָם“ אין מויל אַפּאַטיש.
— מערי, זע נאָר ס׳אַרא קליידעלע, דאָס האָב איך דיך
געהאַט אין זינען!
דאַנקט זי קיל און שמייכלט קילער: — נו, צו וואָס אינמיטן דרינען?
נאָר אז ער האָט שפּעטער זיך אין גרויסן שאַפּ אַריינגעצויגן,
האָט זי ביסלאַכווייז גענומען גלעטן אים מיט אירע בלויע אויגן:
— מיסטער ראָמי, — זאָגט זי אָפּט, — אייער ענגליש
בעסערט זיך צוביסלאַך.
הערט ער און פאַרשטייט און... קוקט דערביי
אף אירע שלאַנקע פּיסלאַך.
— מיסטער ראָמי, — שמייכלט זי, — איר האַלט זיך
אַזוי עכט אַמעריקאַניש.
הערט ער און פאַרשטייט... און פילט, ווי עפּעס זידט
אין אים וואולקאַניש.
איינמאָל האָט ער זי געפירט א היים און האָט איר וואָס געזאָגט
און זיך דערביי געשוואָרן:
— מערי... מערי... מערי איז אף מאָרגן מיסעס ראָמי שוין געוואָרן.
און דערנאָך? נו, יאָ, וואָס איז געווען דערנאָך? —
טעג ווי זשומענדיקע בינען, —
אָט אין אָפּיס, אָט אין שאָפּ אַרום די פילע רווישיקע מאַשינען
און אין אָוונט? — מערי ליגט אַן אויסגעבלייכטע
אף דער ווייכער סאָפע.

## ז. ווײַנפּער

ער באַם טיש אַליין, פֿאַרענדיקט שנעל דאָס עסן,
זופּנדיק די קאַפּע:
— מערי, וואָס זשע איז דיר? — מערי פּילט זיך
מיד און שווערלאַך,
נאָר דער דאָקטאָר שמייכלט: — גאָרנישט... גאָרנישט...
ניט געפערלאַך...

בלייבט זיך ציטערדיקער שיין אין צימער
פֿונ׳ם דרויסנדיקן נאַכטלאַמטערן.
בילדער שטאַרבן אָפּ און נייע בילדער נעמען זיך פֿאַר אים געבערן.
דריבנער רויש אין דרויסן, פֿאַר זיין הויז בלייבט שטיין אַ וואָגן,
קלינגען פֿלעשער, — מילך אודאי... זייגער האָט שוין פֿיר געשלאָגן.
ווידער־אָבער שליסט און עפֿנט מיסטער ראָמי זיינע אויגנדעקלאַך.—
רייטשל יאָגט זיך אום אין הויז, עס ציטערן אַף איר
די בלאָנדע לעקלאַך,
רייטשל מאָזלט, רייטשל פּאַקט און רייטשל האָט די שקאַרלעטינע.
מערי בייזערט זיך און רופֿט זיין אַלטער מאַמען: „גרינע״,
נעמען צוליב דעם זיך וואָלקנדלאַך אין הויז גאַנץ אָפּט צעהענגען,
פֿאַלט אים איין, אַז אפשר ניט געדאַרפֿט
די מאַמען פֿונ׳ם שטעטל ברענגען,
אָבער רייטשל האָט די באָבען ליב, זי רעדט מיט איר
אַף אידיש אַזוי קאָמיש.
ווינט זיך אום דאָס אידיש וואָרט אין הויז אַזוי נקמה׳יש, —
איצט איז זי ניטאָ, די מאַמע זיינע, רייטשלס „גרענדמאַ״, מערער,
טראַכט ער ווען אַמאָל פֿון איר, וואַקסט איר פּנים אויס
קלאָר און קלערער.

— מאַמע, — נעמט ער פּלאַפּלען, — וויפֿל יאָרן
אַז דו ביסט אַוועק פֿון דאַנען?
שמייכלט מאַמע: — „ערגיץ איז, מיין קינד, אַ וועלדעלע פֿאַראַנען״.
אָט אַזוי אַ פֿלעגט די „גרענד־מאַ״ רייטשלען מעשהלאַך דערציילן.

# איינגנם

רייטשל גלאָצט די בלויע אויגלאַך, שפּאַנט מיט באָבען
איבער היילן, —
וואָלקעלאַקלאַך מאַכן קונצן און אַ ריז מיט זיבן פייערדיקע אויגן.
מערים פּנים קנייטשט זיך און אַ וואָלקן ווערט אין שטוב פאַרצויגן.
— מאַמאַ, — בעט ער זיך בּאַ איר, — שוין צייט
דעם קינד אין בעטל.
אָבער רייטשל קרימט זיך, זי וויל הערן פון׳ם פּיפּערנאָטער
און דעם שרעטל.
קוקט אַ שולדיקע די אַלטע זיך מיט אים און מערי׳ן איבער:
— וואָסזשע זאָל מען פאַרט טאָן מיט דער קליינער רייטשעלען,
דער ליבער?
וויגט דער אַלטערס קול זיך ווייטער און אויך ער
און מערי נעמען הערן.
נעמט דער וואָלקן אין דער לופטן בּיסלאַכווייז פאַרשווינדן ווערן.

דרויסנדיקער נאַכט-לאַמטערן איז פאַרלאָשן אומבאַמערקט געוואָרן.
פון אַ שכניש הויז לאָזט אָן אויטאָ הערן דעם מאָטאָר און האָרן.
און דער זייגער: — טיק און טאַק, באַלד וועט זיך
צעגרויען שוין דער מאָרגן.
מיסטער ראָמי דרייט זיך מיד אין בעט און פּרוּאווט
אין קישן קאָפּ פאַרבאָרגן.
נאָר דער שלאָף איז היינט פון אים
אין אַזאַ ווייסן לאַנד אוועקגעריטן.
אומרו האָט זיך מיט דער רו היינט באַ זיין בעט
די פּלעצער אויסגעביטן.
ליגט ער און ער טראַכט: — היינט האָט דער מאָטאָר
זיך אָפּגעשטעלט אין שאַפּ אינמיטן דרינען, —
גוט איז נאָך, וואָס מענטשן אַרבעטן אַף שטיק, —
און פּלוצלינג אַפּ׳ן זינען
קומט אים דוד: — ווער איז דוד? רייטשל זאָגט,
ער איז אַ דיכטער. —

## ז. ווײַנפּער

אײנמאָל האָט ער אַזאַ יונג מיט אַ טשופּרינע אַ געדריכטער,
בריטן שניפּס און שיך צעקרימטע אויף אַ בילד
פון וויצבלאַט אָנגעטראָפן,
איז קײן חידוש ניט, וואָס ער איז הײנט אַ גאַנצע נאַכט
ניט אײַנגעשלאָפן:
רײטשל איז זײַן אויג אין קאָפּ און קאָן ער זי אַזוינעם אָנפאַרטרויען?
מיסטער ראָמי ליגט און טראַכט, און מאָרגן נעמט זיך
דורך אַ שויב צוגרויען.

יענעם מאָרגן איז אין הויז דער פרישטיק שווײַגנדיק אַריבער.
רײטשלס פּנים בלויז געווען איז אַזאַ שײנענדיקער, און אַ ליבער.
זונשײַן האָט זיך אומגעשפּילט אויף די בינעזיש דינע טעלער,
רײטשלס העלע אויגן האָבן אין דער מאָרגנזון געשײַנט נאָך העלער,
נאָר דער פאָטער האָט געגעסן שווײַגנדיק און זיך געבלאָזן,
מאַמע האָט געפּרוווט אַ רעד טאָן ווען אומגליק מיט ראָזן,
און דערבײַ צעזיפצט זיך: — „קלײנע שעפער וועט עס רואינירן...
נאָר דער פּאַפּאַ האָט זיך אין אַ שמועס ניט געלאָזט פאַרפירן.
דינסט אין ווײַסן פאַרטוכל האָט שווײַגנדיק פון טיש פאַרנומען,
פּאַפּאַ האָט זיך אויפגעהויבן און דעם ראָק און הוט גענומען,
נאָר בײַם שוועל געבליבן שטײן, ווי ער וואָלט זיך אָן וואָס דערמאָנען
און פּלוצלינג זאָגט ער: — טאָכטער, ווען וועסטו באַקאָנען
טאַטע־מאַמע מיט... — און רײטשלס בלויע אויגן ווערן בלויער.
פּלוצלינג ווערט איר קלאָר דעם טאַטנס אומרו, טאַטנס טרויער:
— פּאַפּאַ, זע, דער קאָלנער פון דײַן אויבער־ראָק האָט זיך פאַרבויגן,
מאַמע קוקט אויף בײדן מיט אַ מאָדנעם גלאַנץ אין אירע אויגן:
— וואָס זשע איז אַזוינס מיט אײַך דאָ ערשט געשען?
רײטשל לאַכט און צערטלט טאַטע־מאַמען: — איר וועט זען!
איר וועט זען!

# אייגנס

## קאַפּיטל דריי

### א

מאָרגנזון אַף דוד'ס טיש און מאָרגנדיק קוקט אוים אויך דוד,
כאָטש ער האָט שוין היינט פרימאָרגן בא זיין ציימונג־אַרבעט
געמחשב'עט
וועגן נייעם פּאָליצמייסטער, וואָס וועט באַלד
דעם אַלטנס פּלאַץ פאַרנעמען;
דוד בלאָזט זיך: „אַז פּאַר מיינע קליינע לידער און פּאָעמען
וויל מען מיר קיין וואַרעם בעט ניט געבן און קיין ברויט קיין שטיקל,
ווער איך אַ פּאַיאַץ און טענצל טענצלאַך אַף אַ שטריקל."

זונשיין אַפּ'ן טישל, דוד זעט פּאַר זיינע אויגן דעם רעדאַקטאָר, —
ברילן אַף דער נאָז און אויגן נערוועזע און זשוואַווע,
ווי בא אַ קאָנטראַקטאָר
פון אַ קליינעם קליידער־שעפּל. נאָדלען און מאַשינען יאָגן זיך,
ווי זאַמד אין וויכער,
און די בליקן זיינע מאָנען בא די פּאַרלייט: — גיכער, גיכער, גיכער!
דוד טראַכט זיך: — גוט איז כאָטש, וואָס ער האָט דאָרט
קיין דעסקל ניט געקראָגן,
פילט ער ניט רעדאַקטאָרס בייטש אַף זיך
און איז דאָרט קיין פערד ניט אינ'ם וואָגן.
צוויי אַרטיקלען דורך דער וואָך: צי וועגן פּאָליצמייסטער,
אָדער וועגן גאַסנקערער...
און דערנאָך איז ער אַ דיכטער בלויז, אַ דיכטער און ניט מערער.

זונשיין דורכ'ן פענצטער. דוד זעט איר,
שמייכלט ער צו איר אַפּאָלאָגעטיש:

## ז. ווײַנפּער

— ווארעם בעט און ברויט, — צי בין איך שולדיק,
וואָס זיי זײַנען אויך באַ מיר אַ פּעטיש?
הערט די זון און שמייכלט זיך פאַנאַנדער מיט אַ בינטל שטראַלן,
פלוצלונג פילט ער, ווי אַן אויפגעוואַכטער כעס נעמט אים באַפאַלן:
— צײַטונגס אַרבעט? נו איז וואָסזשע! —
רעדער דרייען זיך און לויפן,
ער איז אויך ניט מערער, ווי אַ ראָד אַרײַנגעדרייט אַף שרויפן,
מענטשן ווילן צײַטונגען, נו ווערן זיי, ווי שיך
פאַר דעם געברויך באַשאַפן.
און צי איז דען ניט די צײַטונג אין אַ גוטגעמיינטע האַנט
אַמאָל אַ וואָפן?
— גוטגעמיינטע האַנט? דוד קוקט אַף זײַנער,
וואָס האָט ערשט געשריבן.
— האָט זי גוט געמיינט? צי איז זי פון רעדאַקטאָרס האַנט געטריבן?
מילא, נו. דעם ליינער ווילט זיך דוקא וויסן וועגן פאָליצמייסטער.—
ליינער? ווער איז ער? ווי קוקט ער אויס? ווי הייסט ער?

אַפ׳ן טיש זײַן בוך פּאָעמען. דוד נעמט עס
און ער מישט די בלעטער, —
אין דער מיט פון רוישנדיקער שטאָט שפּאַנט אַ מענטש
און רעדט. — צו וועמען רעדט ער?
גרויסע רוישנדיקע שטאָט איז אין געאייל. —
ווער קאָן זי דען אַריבערשרייען!
און אַריבעריאָגן! מענטשן זיפּן אויס די זעמל־מעל
און לאָזן אין דער זיפּ די קלייען,
אָבער לויטער וואָרט פון דיכטער בלאָנדזשעט אום
אין מאַרק־געטומל אַ פאַרלוירנס.
דוד צערטלט שטיל זײַן בוך און דאָס לעבן קומט אים אויס,
ווי אַ שטיקל טייג צעיווירנס,
ליגט און וואַרט אין מולטער אַף די הענט,
וואָס זאָלן קנעטן, איבערקנעטן,

# אייגנס

און ווער זשע זיינען אָט די איבערקנעטער,
אויב ניט טרוימער גרויסע און פּאָעטן?

זונשיין דורכן פענצטער. גילדן אפּ'ן טיש זיך אום
די צאַפּלענדיקע שטראַלן.
דוד בלעטערט נייגעריק די זייטן פון די ערשט
דערהאַלטענע זשורנאַלן: —
ווייטע אומבאַקאַנטע מענטשן און דאָך נאָענטע, ווי ברידער,
— וואָס־זשע טוען אָט די ברידער אויסער זייער דיכטן שיינע לידער?
קעלנערן זיי אונטער, פּונקט ווי ער, דורך זומערדיקע טעג
אין בערג־האָטעלן?
נעמען זיי, ווי ער, אין ווינטערדיקע טעג
פון אַ רעדאַקטאָרס מויל באַפעלן?
דוד שמייכלט: — זע נאָר, זע נאָר וויפיל נייע
שטראַליקע פּאָעטן! —
פּעפּער, כאַריק, קושנעראָוו און פינינבערג אין לאַנד פון די סאָוועטן,
מאַנגער אין רומעניע און אין פּוילן: מאַלאָדאַוואָסקי, קאָרן
און ישראל שטערן, —
כאָרגעזאַנג און פון'ם כאָר לאָזט יעדערער זיין טאָן,
זיין קול דערהערן,
און אויך דאָ, — אָ וויפיל פּנימ'ער ביים האָדסאָן
און יעדערער באַזונדער
איבער גאָר דער ערד, באַ אַלע ברעגן שפּראָצן זיי, ווי העלע וואונדער.

ער באַם האָדסאָן? דוד זעט די הויכע מויערן
באַ האָדסאָנסביידע זייטן,
שניידן רעוועגדיקע שיפן זיינע וואַסערן,—שיפן פון די ווייטע־ווייטן,
מישט זיך שיפגעברום מיט טומל פון נויאָרקער אויבער
און די אונטערבאַנען, —
זאַפּט ער איין דעם רויש אין זיך און לייטערט אים.
נאָר הערט אים עמיצער פון דאַנען?

## ז. ווייִנפּער

דוד שמייכלט: רייטשל קומט אים אפ'ן זינען,
פּילט ער איבער זיך דעם גלעט פון פינגער, —
דינע, לאַנגע פינגער פון אַ מיידל וועקן לידער אויף
אין האַרץ פון זינגער,
זינגט זיין האַרץ אויף און פאַר זיינע אויגן וואַקסט אים אויס
זיין טאַטע דער בעל תּפילה, —
גאָר קיין קול ניט, נאָר אין בית המדרש דאַוונט ער פאַר אידן פילע:
— קדוש, קדוש, קדוש, — זינגט זיין טאַטע מיט התלהבות
בא דעם עמוד.
— קדוש, קדוש, קדוש, — זינגט די גאַנצע עדה
און עס זינגט אויך דער נר־תמיד.
אָבער ער? פאַר וועמען זינגט ער דאָ זיין ליד
באַם ברעג פון דעם נויאָרקער האָדסן? —
פון אַ פרעמדער ערד האָט ווינט אַ יאָג געטאָן אַהער
מיט זאָמען און מיט שפּראָצן,
איז די ערד אַ האַרטע, קאָנען זיי זיך ניט פאַרוואָרצלען און געדייען,
רייסט מען האַרטע ערד מיט ציין און נעגל,
ווייל מען מוז דאָך פאָרט פאַרזייען, —
ער איז איינער פון די אַקערער! ער איז איינער פון די זייער! —
זון איז זון, ווי דאָרט אויך דאָ, און ווינט, —
דער אייביק פאָכנדיקער ווייער,
ווייט אויך דאָ, — נו ברייינגט ער וואָלקנס,
נעצט די ערד זיך דורך מיט רעגן.
פּלוצלינג זע אַ נס, — עס גייען שפּראָצן אויף
אויך דאָ צום אויג אנטקעגן.
דוד'ס האַרץ האָט אויפגעזונגען, און זינגענדיק
איז פלינק די פען געלאָפן.
דרויסן איז די גרויסע שטאָט נויאָרק איילנדיק
מיט אימפּעט אומגעלאָפן
הער און הין, נאָר דוד האָט געוואוסט, אַז אויך אין אימפּעטיקן לויפן

# אייגנס

ווען זיך דאָ און דאָרט אַ מענטש אַ קער טאָן
און צום שייער'ס טיר דערלויפן:
— עפּעס נויטיק? קאָן איך מיט מיין האַנט אויך העלפן
שייער אונזערן פּאַרפּולן?
דוד שמייכלט, אַפּ'ן זינען קומען אים די קליינע אידישע
נאָכמיטיק שולן.
איבער זיי די פרעמדקייט מיט אַן אָפן מויל און ציין
פון אַ פאַרצערער.
נאָר, ווי שומרים ארום זיי, די טאַטע־מאַמעס אָרעמע
און די עקשנות'דיקע לערער. —
ווער זשע זיינען זיי, אויב ניט די זייער הייליקע,
די איינגעשפּאַרטע —
בליט, ווי דורך אַ נס אויף האַרטסטער שטעקן,
וואַקסן פרוכטן אַף די ריטלאַך אויסגעדאַרטע.
אין דער פרעמדקייט זאַמלט היימישקייט די קערנדלאַך פאַר קינדער,
ווי פאַר הינדעלאַך די קוואָקע, —
לייוויק שפּאַנט פון „אומקום" צו דעם „אויפקום",
שוואַרץ באַזינגט קענטאַקי,
האַלפּערן דעם אומרו פון די שטעט און מאַני לייב די פרייד,
די ווייסע.
אָפּאַטאָשו, גלאָזמאַן און ראַבאָי פון פוילנלאַנד
און פון דער היגער וועסט — אַ מעשה.
ראָלניק, לאַנדוי, לאַפּין, מילער, ביאַלאָסטאָצקי און מנחם
ברענען אייגן לייב אַף די מזבחות.
אויערבאַך און ניסענזאָן, לודוויק, לעיעלעס און גלאַטשטיין
גיבן אונז פון היגן לאַנד די ריחות.
זונשיין דורכן פענצטער. דוד שמייכלט צו דעם אויפקום
פון אַ גרויסן וואונדער, —
ער איז אויך מיט זיי און, פּונקט ווי זיי, איז ער פאַר זיך באַזונדער.

## ז. וויינפער

יענעם מאָרגן איז ווי שטענדיק דוד בא זיין טיש
נאָך לאַנג פאַרבליבן. —
אַף א גרין באַגראָזטן בארג האָט רייטשל בלימעלאָך געקליבן,
און א שמייכלענדיקע, זיי צום פּנים זיינעם צוגעטראָגן.
זון האָט גילדיקער אַף אירע בלאָנדע האָר זיך אָפּגעשלאָגן:
— רייטשל, וואָסזשע איז עס, וואָס עס זינגט אזוי
פון דיינע גלידער?
דיינע פיס, ווי בא א הירשן און די הענט... אָ, רייטשל,
ליד פון מיינע לידער! —
טאַטע־מאַמע אומרואיק, וואָס טאָכטער האָט זיך
אַף א פרעמדן וועג פאַרנומען, —
פרעמדער וועג? דוד טראַכט: א יונג, ווי ער, מוז זיין פאַר זיי,
ווי ריצנאייל צום גומען.
אפ'ן טיש אן איינלאַדונג אַף היינט נאָכמיטיק פון די ראַמים,
דוד צערטלט דאָס קאָנווערטל,
קוקט אַף דעם, און פּלוצלינג וועקט אן אומרו זיך אין אים: —
א שעה בלויז מיט א פּערטל!
באַלד וועט ער א קלינג טאָן בא א טיר, — די טיר?
ער קען זי פון די אָוונטשטונדען.
שוין ניט איינמאָל איז ער דאָרט מיט רייטשלען אָפּגעשטאַנען,
שטונדען זיינען ווי די רגע'ס דאָרט פאַרשוואונדן.

# איינגנם

## קאפיטל פיר

ווי אזוי די ראַמים האָבן אויפגענומען דוד'ן איז איצט ניט וויכטיק.
שפּעטער האָבן זיי גאַנץ אָפט גערעדט, אז אינם הויז ווערט ליכטיק
יעדעס מאָל, ווען זייער דוד שפּאַנט די שוועל אריבער.
רייטשלס הארץ האָט אומגעפלאַטערט, ווי א הארץ
אין הויכן גראַד פון פיבער.
— מאמע, דוד קומט אַף מיטיק, — און די בלויע אויגן אירע גלאַנצן,
פלוצלונג כאַפּט זי מאַמען און צו דער מוזיק פון ראַדיאָ
נעמען טאַנצן,
מאמע מיט דער טאָכטער, — ביידע יונגע, בלאָנדע. —
שמייכלט טאַטע,
פילט זיך אינם הויז א ווייכקייט, ווי מען וואָלט
געשפּאַנט אַף וואַטע.

זונטיק. שאַפּ איז צוגעמאַכט. קאָן מען רואיק גאַנצן טאָג
אין הויז פאַרבלייבן.
שפּעטער פאָרן אויטאָס צו, עס נעמען געסט און די משפּחה
זיך פאַרקלייבן.
קושט מען און מען גריסט זיך: האַלאָ, אַנקל, האַלאָ טאַנטע. —
זעצט מען זיך אין גרויסן זאַל אוים און מען שמועסט פון באַקאַנטע
און פון וועטער. קומט די דינסט מיט וועגל־טישל,
פינקלט ווייַן אוּף אין א פלעשל.
אַנקל אייזיק שלעפּט פון בוזים־טאַש ארויס א קאָרטנטעשל,
שמייכלט מיסטער ראַמי: — ניין, מיין ליבער,
היינט וועט קיינער דאָ ניט שפּילן.
ווארפט אים רייטשל צו מיט בליק: א שיינעם דאַנק א שטילן, —
רייטשל פילט, אז פּאַפּאַ האָט איצט דוד'ן אין זינען
און בלויז פאַר זיינעט וועגן
זאָגט ער אָפּ זיך פון זיין זונטיקדיקן „פּויקער".
ווערט ער איצט איר אזוי אייגן:

## ז. ווייספער

— פאפא, פאפא, — נעמט זי צערטלאך פלאפלען
גאר אינמיטן דרינען,
פרואווט פאר זיין פארלאשענעם ציגאר א שוועבעלע געפינען.
און אז רעדלאך רויך צעדרייען זיך שוין אין דער לופט
פון טאטנס ליפן,
טרעט זי אליין ניט אפ, קושט זיין באק,
פרואווט זיין שניפס פארקניפן,
זעט עס מאמע, שמייכלט זי מיט אירע געסט זיך איבער, —
— נו, וואס זאגט איר ניט צו אונזער רייטשעלען, דער ליבער?

פלוצלונג גלייכט זיך רייטשל אויס: גלעקל האט זיך
בא דער טיר צעקלונגען.
שוין ניט איינמאל האט איר הארץ פון אט דעם גלעקל־קלאנג
אויפגעקלונגען.
איצטער פאסט ניט. געסט אין הויז, נו מוז מען דאך
זיך האלטן באלעבאטיש.
גייט זי כלומרשט רואיק צו דער טיר, אנטשולדיקט זיך
פאר יעדן דיפלאמאטיש.
אבער אירע אויגן אופגעשיינטע האבן דאך פאר קיינעם
גארניט אויסבאהאלטן.
און ווען רייטשל קערט זיך שפעטער אום מיט דוד׳ן,
איז איר שווערלאך זיך צו האלטן.
טאטע־מאמע קומען שנעל צו הילף און העלפן:
דוד, — רייטשלס א באקאנטער, —
שטעלן זיי אים פאר. דוד נויגט זיך העפלאך,
ווי עס נויגט זיך א געזאנדטער,
וואס פארטרעט מיט זיך א פאלק פון א נאנטע מעכטיקע מדינה.
מיסטער ראמי טראכט, אז גוט איז כאטש, וואס דוד
האט ניט קיין טשופרינע,
ווי דער דיכטער, וואס איז אפטמאל אויסגעמאלן אינ׳ם וויצנבלעטל.

# אייגנס

ווייבער סוד'ען זיך און שמייכלען. טאנטע נעטי סוד'עט זיך
מיט טאנטע עטל:
— זע, ווי שיין און שלאנק... נאר קבצנים זיינען זיי די שרייבער...
מיסטער ראַמי כאַפּט עס אויף און שמייכלט: —
ווייבער בלייבן ווייבער!

שפּעטער ארום טיש צעוואַקסט דער חידוש זיך בא יעדערן
נאָך גרעסער.
דוד האַלט זיך ווירדיק, ווייסט ווי אַנצוגיין מיט גאָפּל־מעסער,
כאָטש זיין שפּראַך איז מאַמע־לשון. און נאָך גרעסער
איז דער חידוש,
וואָס אויך רייטשל בא זיין זייט הערט ניט אויף צו ריידן אידיש.
— וואָס זשע, זיינען מיר אין יוראָפּ? — פרעגט די טאַנטע נעטי
האַלב איראָניש.
דוד וואַרפט אף איר א שמייכל, אָבער רייטשל ענטפערט
ערנסט און לאַקאָניש:
— אידיש איז די שפּראַך פון אידן! —
אַנקל אייזיק הויבט אָן, ווי א סאַמאָוואַר צו זידן,
אַז די קאָמוניסטן און די אידישיסטן
וועלן נאָך אמאָל די גאַנצע וועלט צעשטערן און פאַרוויסטן.
קוקט אים מיסעס ראַמי אָן פאַרוואונדערט: — וואָסזשע,
דוד א צעשטערער?
לאַכט דער אַנקל אייזיק און ער זאָגט א וואָרט ניט מערער.

איינמאָל איז בא אזא מיטיק אויך געווען דער ראַבאַי בינקאָוו,
פון דער „קאָנגרעגיישאַן אנשי יארמאָלינקאָוו".
ראַבאַי בינקאָוו מיט די וואָנצעס און דעם בערדל ווי א קאָמעץ
זיפצלט, וואָס אין רוסלאַנד מוזן פּסח פרומע אידן עסן חמץ.
פרוווט זיך מיסטער ראַמי וויצלען: „נו, און חמץ איז פאַראַנען?"
קאָכט זיך ראַבאַי בינקאָוו, וואָס די פירער האָבן נישט פאַרשטאַנען
אַז דאָס רוסיש פאָלק איז גראָב און צו קיין פרייהייט ניט דערוואַקסן.
לייגט דער אַנקל אייזיק צו: א לאַנד פון פּויערים און אָקסן,

## ז. ווייגפער

ווילן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט די גאולה ברענגען.
נעמען איבער פּנים'ער זיך וואָלקנדלאַך צעהענגען.
נאָר דער שווערסטער וואָלקן הענגט אַף דוד'ן,
זיצט און טראַכט, אַז ווי אַ גולם,
זיצט ער דאָ אַף יעדן זונטיק צווישן אַט דעם עולם.
פילט עס רייטשל, נעמט זי אים אַריבער שיקן
בלויע ליבטיקייט פון אירע שמייכלענדיקע בליקן.
שיינט די זון אויף דורך די פענצטער העל און העלער.
שפּילט אַ שטראַל אויף איבער גלעזער און כינעזיש דינע טעלער.

ראַבאַי בינקאָוו רעדט מיט פּאַטאַם פון אַמעריקע:
— דאָ האָט יעדערער אַ „טשענס" און יעדער קריגט דאָ
דאָס נעהעריקע.
האָט דען „לאָיער" מיטשל ניט געאַרבעט אין אַ שאָפּ פון אייזן?
שאָקלען טאַנטעס מיט די קעפּ, און אָנקל אייזיק
נעמט היסטעריש נאָכאַמאָל באַווייזן,
אַז די קאָמוניסטן, סאָציאַליסטן, אַנאַרכיסטן און די אידישיסטן
וועלן אויך אַמעריקע פּאַרווּיסטן.
קאָן שוין מיסטער ראָמי ניט פּאַרליידן און ער שלאָגט אים איבער:
— קאָמוניסטן, סאָציאַליסטן — מילא, אָבער אידישיסטן,
אָנקל ליבער?
ראַבאַי בינקאָוו איז מיט אָנקל אייזיק אויך ניט מסכים גאָר איננאַנצן,
רעדט פון „דזשוּדאַאיזם" און פון „קאַלטשור"
און די אויגן זיינע גלאַנצן:
— „דזשאַרגאָן" האָט קיין סך ניט אויפגעטאָן, אָבער פאַר די ווייבער
און דעם פּראָסטן עולם האָבן עפּעס דאָך געטאָן
די „דזשאַרגאָן" שרייבער.
איצטער אָבער — זיפצט דער ראַבאַי — ווילן זיי
די „שפּראַכע" פון די אבות
אַפּ'ן „דזשאַרגאָן" דאָך פּאַרבייטן. — שמייכלט דוד
און ער פרעגט אים אין קאַטאָוועס:

# אייגנס

הלמאי האט ראבאי כינקאוו שטריימל אף א קאפעלוש פארביטן.
האט די פראגע, א געלעכטער אין דער לופט אריינגעשניטן.
ראבאי כינקאוו רויטלט זיך און טענה'ט, אז א שטריימל
איז דאך ניט אמעריקאניש.
רעגט זיך דוד און ער רעדט שוין איצט מיט פאטאס און וואולקאניש.
מישט זיך ראמי שוין אריין און „אידיש" ווערט באם טיש די טעמע.
פלוצלינג שלאגט זיי רייטשל איבער: — דוד האט דאך
וועגן „אידיש" א פאעמע.
שמייכלט ראבאי כינקאוו גלעטנדיק דאס בערדל: — יעס?
נו אדרבא, זאל ער ליינען.
זאגט זיך דוד אפ: — צו וואס? ראבאי כינקאוו
וועט זי סייוויסיי פארניינען.
ווערט שוין ראבאי כינקאוו ערנסט: „יעס, פארניינען וועט ער
בלויז די שפראכע,
אבער ניט די דיכטונג. גוטע פאעזי איז גאר אנאנדער זאכע,
ער אליין האט אינגלוויז געדיכטעט, נו פארשטייט זיך
אף העברייאיש.
איצטער דיכטעט ער נישט מערער, ניט דער קאפ דערביי,
דערצו איז ער נערוויאיש."
מיסטער ראמי לייגט אויך צו א ווארט: — לייען טאקע דוד
עפעס וואס אונז איבער.
און די מיסעס ראמי גלעט מיט אירע בלויע אויגן
אים פון קעגנאיבער.
טראכט זיך דוד: — מאדנע, מענטשן, אידישע און דאך ניט אייגן.
פלוצלינג פילט ער רייטשלס בליק: — א דייווי,
לייען זשע פאר מיינעטוועגן!
דאכט זיך אים: א זונשטראל האט דורך גרויען טאג
זיך דורכגעשניטן.
עפנט זיך זיין מויל און שורות גייען אוף, ווי יונגע בליטן.

דוד האט געענדיקט און א בראווא פאטשעריי האט זיך צעשאטן.

## ז. וויינפער

מיסטער ראָמי האָט אים אַ ציגאַר גאָר פריינטלאַך אָנגעבאָטן.
אָנקל אייזיק האָט אַ שמייכלענדיקער אָנגעקוקט
דעם ראַבאַי כינקאָוו,
און געזאָגט: אַזאַ אידיש האָט ער ניט געהערט
אפילו אויך אין יאַרמאָלינקאָוו.
מיסעס ראָמי האָט באַמערקט, אַז דוד מוז דאָך דורשטיק זיין אודאי,
און דער ראַבאַי כינקאָוו האָט גאָר איידל זיך צעזיפצלט:
„שאַדע, שאַדע,
וואָס אַזאַ מין „דזשיניוס" דיכטעט אויף דער „דזשאַרגאָן" שפּראַכע,
און דערביי גלייך צוגעגעבן, אַז „העברעאיש איז אַן אַנדער זאַכע".

יענעם זונטיק האָבן זיך פאַר דוד'ן די שעה'ען לאַנג געצויגן.
ראַבאַי כינקאָוו האָט די גאַנצע צייט ניט אויפגעהערט
אים מעסטן מיט די אויגן,
און דערביי מיט מיסטער ראָמי'ן זיך פון צייט צו צייט געסוד'עט.
מיסטער ראָמי האָט פאַרטראַכט אויף יאָ דעם קאָפּ געהוידעט,
און דערביי אויף דוד'ן און רייטשלען אַלע ווײַלע
אָנגעשטעלט די בליקן.
דוד האָט דערפילט אַ שווערקייט, ווי עמיצער וואָלט אים
גענומען שטיקן.
גוט איז, וואָס אין אָט דער זעלבער רגע
איז דער מיסעס ראָמי איינגעפאַלן
קאָפע צו סערווירן אין אַן אַנדער צימער. דורך די פענצטער
האָבן שוין ניט מער קיין שטראַלן
דורכגעליכטן. ווינטערדיקער טאָג האָט ווייס און קאַלט
אַריינגעוואָונקען דורך די שויבן.
בענקלאַך האָבן זיך צערוקט און נאָכ'ן שווערן מיטיק
האָט מען פויל זיך אויפגעהויבן,
און נאָך פוילער זיך געלאָזט אין צווייטן צימער שפּאַנען:
— רייטשל, — האָט איר דוד שטיל אַ רוף געטאָן באַם נאָמען.
און רייטשל האָט פאַרשטאַנען

# אייגנס

און געענטפערט מיט א בליק אזא און חנ'עוודיקן קנייטשל
מיט די ברעמען,
וועלכן א פארליבטער בלויז קאן אויפכאפן, פארשטיין
און באלד באנעמען.

אינ'ם צווייטן צימער בא דער קאפע האט מען זיך צערעדט
פון „מעות חיטים“,
וואס איז בא דער „קאנגרעגיישאן אנשי יארמאלינקאוו“
שוין א מנהג, און זי היט אים
אפ פון יארן. ראבאי כינקאוו איז דער פרעזידענט
און מיסטער ראמי — דער קאסירער.
טרינקט מען שמעקנדיקע קאפע און מען רעדט
פון יארמאלינקאווער מארטירער,
וועלכע האבן אונטער דער סאוועט־רעגירונג האב און גוטס פארלארן.
אנקל אייזיק וויצלט זיך, אז טראצקי האט די באלעבאטים אפגעשארן,
ווי דער שערער שערט די שאף. שמייכלט מיסטער ראמי,
טרונקענדיק די קאפע.
מיסעס ראמי און די טאנטעס אף דער קעגנאיבערדיקער זאפע
פלאנעווען א „ברידזש־גיים“, וואס זאל עפעס
פאר די מעות חיטים ברענגען.
און די מענער פלאנעווען וואס אנדערש, נעמען זיך
אין לופט צעהענגען
וואלקנדלאך מיט רויך, ווי דינע זיידענע גארדינען
פון די דופטיקע ציגארן.
זעט מען ניט, באמערקט מען ניט, ווי רייטשל ווינקט צו דוד'ן
פון צימער זיך ארויסצושארן.

דורך די גרויסע „פארלאר“ פענצטער קוקט אריין
דער שפעטלאכער נאכמיטיק.
אף דעם ווייכן „פארלאר“ טעפיך צאפלען זיך צוויי ביימלאך
גרין און צוויטיק.

## ז. ווײַנפּער

רײטשל שפּאַרט איר בלאָנד געשװירן קעפּל אָן אַף דוד׳ס שולטער:
— דײװױ, — צאַפּלט זי זיך. גלעט איר דוד און ער קושט איר,
 װי אַ קושער אַ געשולטער.
שפּעטער זיצט זי בײַ דער פּיאַנע, צאַפּלען זיך
 פון אונטער אירע פינגער אויף די גאַמען.
דוד זיצט דערלעבן, טראַכט פון בריװ, װאָס ער האָט דאָ ניט לאַנג
 געקראָגן פון דער מאַמען: —
פעדערן געפּליקטע װאַרטן שוין פון יאָרן אין דער הײם
 פאַר קישנס אָנגעגרײטע.
מאַמע װעט זײ שיקן, װען זי װעט דערהערן בלויז
 די בשורה די דערפרײטע. —
דוד שמײכלט: פעדערן פון גענדז. — רײטשל שפּילט
 אַ בעטהאָװען סאָנאַטע,
װאַקסט פאַר דוד׳ס אויגן אויס אַ גרינע לאָנקע,
 װײַסע גענדז און בריסטן שיקסעװאַטע.

דורך די גרויסע „פּאַרלאָר״ פענצטער קוקט אַרײַן
 דער שפּעטלאַכער נאָכמיטיק.
רײטשל שפּילט ניט מער, און װי אַ פרילינגס־בײמל גרין און צװיטיק,
בײגט זי זיך צו דוד׳ן: — אָ דײװױ, װאָס האָסטו געזען
 אין לופט דער לערער?
שמײכלט דוד: — רײטשל, איך בין בלויז אַ דיכטער
 און ניט מערער!
רײצט זי זיך מיט אים און זאָגט: — און דערצו אַ יונג
 מיט שװאַרצע גליענדיקע אויגן!
קוקט איר דוד אָן און אַזאַ שװערער װאָלקן װערט אים
 אַף זײַן בליק פאַרצױגן:
— רחל, — זאָגט ער צערטלאַך, — װײסטו דען,
 װי שװער עס װעט דיר זײַן דעם יאָך צו טראָגן?
װיקלט רײטשל הענט אַרום זײַן האַלדז און קושט אים
 שיקסעדיק און לאָזט אים מער אַ װאָרט ניט זאָגן.

## קאַפּיטל פינף

שרייבעריש קאַפּעהויז ! ווער האָט שוין אין דיינע שויבן
שטיינער ניט נעוואָרפן ! פרעמדע, קומען זיי און קלויבן
איבערבלייבאכצן, וואָס פאַלן רחבות׳דיק פון דיינע טישן,
אָבער בוימל לאָזט פון וואָסער קיינמאָל דאָך זיך ניט צעמישן.
דוד איז אין קאַפּעהויז דורך יאָרן שעה׳ענווייז געזעסן,
איצטער קאָן ער אָט די שעה׳ען ניט פאַרגעסן.
טעג, ווי דריבלדיקער רויש פון איילנדיקע שטעפּ־מאַשינען.
אָוונטן, ווי זאַטע קעפּסווייבער אין בעטן, אונטער באַלדאַכינען.
פילט זיך דוד שווער פון פעטקייט, וואָס צעוואַקסט זיך
איבער זיינע גלידער.
אָפּטמאָל רייסן זיך פאַרביי זיין אויער ניט געבערטע לידער :
— דוד, זינג פון רוקנס איינגעבויגענע בא רוישיקע מאַשינען !
— דוד, זינג דאָס ליד פון סטייעס זשומענדיקע בינען,
וועלכע זאַמלען האָניק אין די בינשטאָקן פאַר פרעמדע וועגן.
הערט אויס דוד און... פּלוצלינג שמייכלט אים דער שווער אנטקעגן :
— דוד, סוחרים אינ׳ם מוסטער־צימער — יונגע בויגיקע מאָדעלן
בייטן זייד און סאַמעט אַף די לייבער און
באַמיען זיך, אליין אויך צו געפעלן
מיט די דינע אויגנגלענצלאַך און די דינע אויסגעטאָקטע טאַליעס :
— דוד, זינג פון לייב געקויפטן און פון ווילדע וואַסכאַנאַליעס !
אָבער גאָרנישט ווערט פון דוד׳ס מידן האַרץ געבוירן.
כשופ׳דיקע דלילה האָט אים מיט א גילדן שערעלע
די לאָקן אָפּגעשוירן,
איז ער מאַכטלאָז ווי א גבור הענט און פיס געבינדן.
פּלוצלינג ווערט פאַר זיינע אויגן וואו א פּלעמל אָנגעצינדן ;
שרייבעריש קאַפּעהויז, — כוהנים בא מזבחות,
גייט א פלאַם פון זיי און שפּרייט מיט שכור׳דיקע ריחות

## ז. וויינפער

יציט ער זיך צום פלאַס, ווי אַ וואַנדערער פון וועג פאַרמאַטערט, —
גרויע ווענט, נאָר פּנים'ער, ווי פאַנען פון אַ ווינט צעפלאַטערט,
טונקל ליכט, נאָר העלע בליצנדיקע אויגן פול מיט גלויבן.
גרויסשטאָט שרייט איר רווישנדיק געשריי אהער אויך דורך די שויבן.
נאָר דאָ צאַפּלט עס און דריבלט זיך אַף נאָמען,
שוועבן זיי, די נאָמען, שלאָגן אָן זיך און באַהעפטן זיך צוזאַמען,
ווערן שורות דאָ געבוירן און פון שורות ווערן לידער.
צאַפּלט דוד'ס האַרץ זיך און די ליפּן מורמלען: — „ברידער,
מיינע ברידער".

באַ אַ טישל פלאַנעוועט מען זאַמלביכער. ווענדן זיך צו אים די בליסן
פון קאָלעגן: — „וואָס זשע וועט אונז דוד
פאַרן ערשטן זאַמלביכל שיקן...
אַ פּאָעמע? צי אַ לידער־ציקל? פאַראַן איז פּלאַץ אויך
פאַר אַ גוט אַרטיקל."
דוד בלייבט זיך, פילט ווי עמיצער וואָלט אַף זיין האַלדז אַ שטריקל
שווער פאַרציוגן. נאָר די ליפּן מורמלען: — מע וועט זיך באַטראַכטן,
שפּעטער. ווען ער פאַרט אהיים אין לייכטן אויטאָ דעם פאַרמאַכטן,
פילט ער שווער, ווי בערג מיט שטיינער
וואָלטן אַף זיין האַרץ געלעגן.
טראַכט ער: באַלד וועט רייטשל אַ צעשטראַלטע
שמייכלען אים אַנטקעגן:
— דייווי, נו? — נאָר זי רעדט ניט מערער. אירע פולע ליפּן
זיינען איבער זיינע שוין פאַרנומען. קניפּן נעמען זיך צעקניפּן
פונ'ם שטריק אַרום זיין האַלדז. דאָס האַרץ צעאָטעמט זיך
שוין גרינגער.
אויטאָ פליט און דוד פילט, ווי יעדער אָטעם איז אין אים אַ זינגער.
„רייטשל" הייסט דאָס ליד, וואָס ברויזט אום איצט
אין אַלע זיינע גלידער:
— רייטשל! רייטשל! — מורמלט ער צו זיך —
דו ביסט דאָס ליד פון אַלע לידער?

# אייגנס

אָבער ליד פון אַלע לידער שפּאַנט אין דוד'ס היים אַרום
אין קליינע זיידנשיכלאַך,
ווייגט איין דוד'ס האַרץ — און אויסן בלייבט זיין נאָמען
אין די זאַמלביכלאַך.

שרייבעריש קאַפּעהויז, שטענדיק רויכיק איז דיין לופט פון סיגאַרעטן,
אָבער אַרום דיינע טישן ליכטיקן זיך פּנים'ער און אויגן פון פּאָעטן.
וועלטן אַלטע ווערן חרוב, נייע וועלטן שטייגן אויף
דורך זייער כּישוף.
זייער וואָרט איז ווי ציגיינערישער שייטערפלאַם
פאַר שויבן פון אַ זאַטן ישוב.
גילדט ער אום זיך דורך די נעכט און לאָזט די זאַטקייט
אָפּט ניט שלאָפן, —
שייטערפלאַם, אַ שייטערפלאַם, עס ווערט אָפּט דוד'ס האַרץ געטראָפן
פון דיין פלאַם אויך אין די העלע טעג אינמיטן שאַפנעפּילדער,
שטעפּמאַשינען רוישן, דאַכט זיך אים ער איז דאָ
אַף אַן אָרגיע אַ ווילדער.
מיידלאַך אויסגעבלייכטע, פאַרלייט אין כאַלאַטן
און די יונגע בויניקע מאָדעלן, —
אַלע איילן זיך און דרייען זיך אין וואַקכאַנאַליע טאַנץ אַ שנעלן, —
ווער זשע איז דער גע׳ץ, פאַר וועמען אַלע טאַנצן דאָ
מה יפות און הקפות, —
ער? אָ, ניין! דוד וואַרפט אַ בליק צום גרויסן דעסק,
וואָס שטייט אין אָפּיס.
מיסטער ראָמי זיצט אַ מידער, הערט ניט אויף פון זיין ציגאַר
דעם רויך צו בלאָזן:
— דוד, — רופט ער פאָטערלאַך אים צו און זאָגט: —
איך מוז ניו יאָרק פאַרלאָזן
אַף אַ ווייל, געשעפט פאַרלאַנגט עס. ווּעסטו דאָ זיין
די וואַכנדיקע אויגן.

## ז. ווײַנפּער

דוד'ס האַרץ טוט שטיל אַ צאַפּל, אַזאַ אומרו
ווערט אַף אים פאַרצויגן.
שמייכלט מיסטער ראַמי. טראַכט, אַז דוד פילט זיך שטאָלץ
מיט אַט דער מיסיע.
לייגט ער ווייך זיין האַנט אַף דוד'ס אַקסל: — קינד מיינס,
סיוווי וועל איך אין דימיסיע
גאָר אינגיכן אָנגעבן מיין נאָמען. ווערזשע, אַז ניט דו,
וועט אָט די שטול פאַרנעמען?
מיסטער ראַמי שמייכלט, דוד'ס האַרץ צעצאַפּלט זיך נאָך מערער:
— הייסט עס, אָט פאַר וועמען
אַלץ אָט דאָ אַרום וועט טאַנצן. — פּאַפּאַ, — פרעגט ער, —
מעג איך אַף אַ ווייל דעם שאַפּ פאַרלאָזן?
— זיכער, — ענטפערט מיסטער ראַמי. — און ער נעמט אַ רואיקער
דעם רויך פון זיין ציגאַר צעבלאָזן.

אַפ'ן קאַלענדאַר איז מערץ, נאָר סיונ'דיק איז אין דער לופטן,
טראַכט זיך דוד'ן פון בערג־האָטעלן, —
לעצטן יאָר אין אָט די טעג האָט ער געזוכט פאַר זיך
אַ קעלנער שטעלע צו באַשטעלן:
— אַ פּאָר שעה אין טאָג צו קעלנערן — האָט ער געטראַכט —
און דערנאָך מיט טינט און פעדער אין אַ ווינקל!
וואָלט אַזוי געווען, ווי גוט וואָלט אים געווען. נאָר פלוצלינג
האָט געטאָן פאַר אים זיך אַ צעפינקל,
ווי אַ ליד אַ שיינס, דאָס בלאָנדע מיידל רייטשל. —
רייטשל, ליד פון מיינע לידער!
האָט ער איר אַמאָל געזאָגט און איצט אויך
חזר'ט ער עס איבער ווידער־ווידער.
פלוצלינג ווערט אים קלאָר, אַז ליד ווערט ליד ערשט,
ווען עס קומט אַרויס פון פעדער.
גרויסשטאָט יאָגט זיך איילנדיק פאַרביי אים, וואַרפנדיק
מיט רויש פון אונטער רעדער:

# איינגנס

— רויש־גערויש, אוואו ביסטו געווען אפריער, איידער
גרויסשטאָט איז אַף רעדער אָנגעלאָפן?
לאַכט דאָס רויש־גערויש און ענטפערט: —
איך בין אינ׳ם שוים פון טויט געשלאָפן.

יענעם רעשט פון טאָג איז ער שוין אינ׳ם קאפעהויז
דערזעסן צווישן די קאָלעגן.
קיינער האָט זיך ניט פאַר׳חידושט, ווען ער איז אריין
און קיינעם איז ניט איינגעפאַלן פרעגן
וועגן אומרו אַף זיין פּנים. ליכטיקער נאָכמיטיק
האָט זיך אינ׳ם רויך פון סיגארעטן
דאָ פאַרלוירן. נאָר דער סיגארעטן רויך האָט ווי א פרויען האַנט
גענומען גלעטן
דוד׳ס הארץ און עס באַרואיקט. דורך דעם דינעם
קנוילנדיקן רויך דעם גרויען
האָבן זיך געליכטיקט פון דער נאָנט די פּנימ׳ער
פון סעקלער, רייזן און ראַבאָי׳ען,
מיט דעם קין דעם שאַרף־פאַרשפּיצטן אָנגעלענט אָן פויסט
געזעסן איז דאָ אַפּאָטאָשו,
אינגאַטאָוו האָט זיך אַפּ׳ן קול געקאָכט און מיט א
בליק, ווי עפּעס וואָלט געווען אים קשה,
האָט גערויכערט ל. שאַפּיראָ. אַף די ווענט אָן אויסשטעלונג
פון יונגע מאָלער,
ניט חלילה צו פאַרקויפן, נאָר גלאַט אזוי, א דיכטער קומט אריין,
טאָ זאָל ער
קוקן און באַטראַכטן. נו, מיניען זיך קאָלירן און פיגורן
פון יונגע קינסטלער הענט באַלעבטע
דורכ׳ן דינעם סיגארעטנרויך אַף אַלטע ווענט
מיט ביליקן שפּאַליר באַקלעפּטע.
טיר צעעפנט זיך און אַף דער שוועל באַווייזט זיך שטיל
דער קריטיקער שין ניגער.

## ז. ווייגפער

שטייט א ווייל און פאַרשט, נאָר באַלד צעשמייכלט ער זיך
ווי א גאַסט א ווייטער, ניט קיין היגער,
און די לופט ווערט שווערער און געדיכטער, מענטשנסקולות
טומלען זיך יאַרידיש,
רייזען היצט זיך ווענן פינסקי'ן, חיימאָוויטש שווייגט,
לייבוש לעהרער רעדט ווי א פראָפעסאָר וועגן אידיש,
און דער לעבעדיקער חקרה'ט וויצלדיק און
הערט ניט אויף באַטאָנען,
אַז דער נייער פראָלעטאַרישער באַנעם וועט גאַרנישט שאַדן
בערגעלסאָנען.

דוד זיצט און שווייגט. דער גאַנצער עולם קומט אים פּאַר,
ווי א טאַבון ציגיינער.
ער איז איינער צווישן זיי. געוועזן פאַרפרעמדט און איצט
איז ער צוריק באַ דער געליבטער זיינער.
פלאַקערן די שייטערהויפנס, ציען פלאַמען זיך און
רויכן קנוילן זיך געדיכטער.
גאָט צו דאַנקען. דוד פילט, אַז יעדער נערוו אין אים
איז איצט צוריק א דיכטער.

אַוונט האָט זיך שוין נעשפרייט, ווען דוד איז אהיים געגאַנגען
מיט ניט איילנדיקע שפאַנען.
אַף א ברייטן סקווער איז אַף א פּעדעסטאַל
א הויכער מאָנומענט געשטאַנען
און געקוקט אַף גרויסשטאָט, וואָס האָט פּלוצלינג
מיט אַזויפיל ליכט זיך אָנגעצונדן,
נאָר די גרויסשטאָט האָט אים ניט געזען, ווי עמיצער
האָט איר די אויגן מיט א טוך פאַרבונדן,
האָט זי זיך פאַרביינעאיילט און גאָרניט ניט געזעען.
פּלוצלונג איז אין דוד'ס הארצן וואָס געשעען, —
אינם רויש־גערויש פון גרויסשטאָט האָבן שטילע פידל טענער
זיך גענומען וויגן.

# איינגנס

דוד'ס הארץ האָט אויפגעשריגן.
ער האָט דערפילט, ווי שורות קומען אָן
און לייגן זיך אליין צוזאַמען,
— אָט אַזוי אָ, — האָט ער זיך געטראַכט, — קומען אָונטצייט
די קינדער פון דער גאַס צו טאַטע־מאַמען.
— אָט אַזוי אָ גייען גרעזלאַך אויף דער שטראַלנדיקער זון
אַנטקעגן נאָך אַ זומער רעגן.
דוד האָט אַ פריידיקער געשפּאַנט, און ווען אַף שוועל פון הויז
איז רייטשל אים אַרויס אַנטקעגן,
און מיט פאַרשנדיקן אומרו אין איר בליק בא אים געפרעגט:
„פאַרוואָס אַזוי אַ שפּעט געקומען?"
האָט ער גאָרנישט ניט געזאָגט, נאָר שטיל האָט ער
די דינע פינגער אירע אָנגענומען,
און געקוקט אַף איר: — אָ, דייוווי, דייוווי, קוקסט אַף מיר,
ווי אין דער לופט דער לערער!
— רייטשל, רייטשל, — האָט ער קרענקלאַך זיך געצאַפּלט: —
איך בין דיכטער בלויז און גאָרניט מערער!

און אין עסצימער האָט זיך שוין געליכטיקט. שווער און שוויגער
זיינען דאָרט געזעסן
בא דעם טיש געגרייטן. — דוד, — האָט צעוווערטלט זיך דער שווער,
— האָסטו היינט פאַרגעסן
דעם אַדרעס אַהיים? — און די שוויגער האָט באַמערקט: —
אָ, זע נאָר ס'אַרא פּנים
דייוועלע דו האָסט! — מיר איז גאָרניט, — האָט ער
זי באַרואיקט. — און באַמערקט, אַז אָן אים
קאָן מען אויך אַמאָל צום טיש זיך זעצן. רייטשל האָט געשוויגן,
נאָר פון קעגנאיבער
האָבן אירע בליקן אַזוי אומרואיק געקוקט אַף אים: —
אָ, ליבער! ליבער! —

## ז. ווײַנפּער

האָבן אַט די בליקן שטומערהייט צו אים געערדט.
גאָפּל מעסער האָבן אין דעם העלן לאָמפּנשײַן אויפגעקלונגען
און דאָס הינטל האָט דערשפּירט דעם ריח פון פלייש
און איז אַרומגעשפּרונגען
אַרום טיש. די אויערלאַך פאַרשפּיצטע און די אײַנעלאַך
צעגלאַנצטע. האָט עס אַלע ווײַלע געטאָן אַ האַווקע.
דוד האָט דערפילט, אַז צופיל גוטס, ווי צופיל שלעכטס,
איז פאַר אַ דיכטערס האַרץ, ווי פאַר אַ לייב אַ פּיאַפקע.

יענעם אָוונט האָט דאָס עסן זיך באַם טיש געצויגן אַזוי נודנע,
ווי די דרשה פונם ראַבאַי כינקאָוו,
וואָס ער האָט געהאַלטן אױף זײַן חופּה אינעם אויסגעפּוצטן טעמפּל
פון די אַנשי יאַרמאָלינקאָוו.
דינסטמיידל אין ווײַסן פאַרטוכל האָט עפּעס אַזוי לאַנגזאַם
זיך באַוועגט מיט די געשירן,
און דער שווער איז אַזאַ ערנסטער געזעסן
און ניט אויפגעהערט די בליקן אומצופירן
איבער אים און רײַטשלען. אויך די שוויגער קוקט
אױף אים און טאַכטער אַ פאַרטראַכטע.
— איז דאָ עפּעס היינט געשען? — דוד פילט זיך,
ווי אַ מענטש באַ טיר אַ צוגעמאַכטע.
און דאָס עסן ציט זיך, ווי עס האָבן זיך די רגע׳ס
פון דער חופּה־צערעמאָניע געצויגן.
פּלוצלינג וואַקסן אוים די רגע׳ס פון דער חופּה־שעה. דוד זעט
דעם טעמפּל פאַר די אויגן —
העלע ליכט, און מענטשן פיל. נאָר שטילקייט איז אַרום,
ווי אַלע וואָלטן איבער זאַמד געטראָטן.
שוויגער מערי פירט אים מיט געציילטע טריט און
סאַמעט־סטעזשקע איז מיט בלומען אָפּגעשאָטן.

# איינגנס

און דערנאָך, — ראַבאַי בינקאָוו סעגן אים אין יאַרמולקע
מיט פרומקייט פון א גלח.

דוד ציטערט אויף. א רגע דאַכט זיך אים, אז ער איז יצחק
און די בימה — די עקדה. פּלוצלונג, זע, א מלאך
ציטערט בא זיין זייט, — רייטשל אין איר ווייסן קלייד
און שלייער נעמט זיין האַנט אין אירער.

אָרגל שפּילט און כאָר־געזאַנג גיסן זיך צוזאַמען,
און ארום די אויסגעזייפטע אונטערפירער,
דאַמען מיט בוקעטן און דעקאָלטירטע קליידער,
און די מענער אין צילינדערס און געשטרייפטע הויזן.

— וואָס איז דאָ? — דוד קלאַמערט זיך אין רייטשלס האַנט
און פילט דעם דופּט פון יונגן לייב און פרישע רויזן.
דאַכט זיך אים, אז דאָס איז גאָר א קינאָ־שפּיל, — ער און רייטשל
האָבן הויפּט־ראָלן אין שפּיל פאַר זיך באַסומען.

רייטשל פילט עס, גלעט זי זיינע פינגער: — דייווי...
טאַטע־מאַמען... מע וועט באַלד דאָס איבערקומען.

ציען זיך די רגע׳ס, ווי די געניצדיקע ליפּלאַך בא די שלעפעדיקע
קינדער. — „דו האָסט מיך צוגעזאָגט צו ליבן” —
זינגט פון ערגיצוואו א פרויען קול און דערנאָך
דער „ספּיטש” פון ראַבאַי. — דוד פילט, ער ווערט געטריבן,

ווי א שאָף פון פּאַסטוך איבער זאַמדן, נאָר פון ווייטן
ווינקט א פעלד מיט היי און קאָלעשינע.
דוד וועקט זיך אויף, ווי פון א חלום. אַפּ׳ן טיש צעקלונגען זיך
די קליינע טעלערלאַך, די דינע,

און די שוויגער הויבט אָן דעם דעזערט סערווירן. — וואָס־זשע?
רייסט דער שווער די שטילקייט איבער:
— דוד ווייסט נאָך גאָרנישט, אז?.. — ניין? —
שוויגער קושט דער טאָכטער, וואַרפנדיק צו אים אריבער

בליקן פול מיט מאַמעדיקער ליבשאַפט. דוד ציטערט אויף
און הויבט אָן צו באַנעמען,

## ז. ווייספער

קוקט אַף שווער און שוויגער און אַף רייטשלען
און ער הויבט זיך פּלוצלינג אינגליש אָן צו שעמען.

שפּעטער, ווען דער שווער און שוויגער האָבן זיי אליין געלאָזן,
איז רייטשלס קעפּל צו זיין הארצן צוגעפאַלן
— דייווי! דייווי! — דוד האָט דערפילט זיך, ווי א פליג,
וואָס איז ארייגעפאַלן
אין אַ האָניקשאָל. דאָס מויל איז פול מיט זיסקייט,
נאָר די פיס פּארפּלאָנטערן זיך מער און מערער
אין דער קלעפּיקייט. — פון איין זייט דער באַשאַפער
און אַף צווייטער — דער פּאַרצערער.
ביידע פירן אוים דעם ווילן פון אַ האַנט, וואָס קיינער זעט ניט,
נאָר מען הערט ניט אוף זי איבער זיך צו שפּירן.
דוד צערטלט רייטשלס גאָלד געלאָקטן קאָפּ, און אין בלויען שיין
פון צימער זעט ער — וועגן ברייטע, שמאָלע, פירן
הין און הער. — וואוהין־זשע צילן זיינע טריט? —
— דייווי, — רופט אים רייטשל אָן זיין נאָמען.
— דוד, — רופט אַן אַנדער קול פון ערגעץ. — רייטשל איז
דאָס פעלד אין וועמענס איינגעווייד עס גייען אוף די זאָמען,
וואָס ער האָט פאַרזייט. און דאָרט, דער ערגעץ? —
דוד צערטלט ווייך איר קאָפּ און קושט די אַקסלען אירע ווייסע
און די אויגן זיינע גליענדיקע קוקן צו דעם ערגיץ. —
וואָס וועט זיין? נאָר דאָס איז שוין אַן אַנדער מעשה.

## צו אַלדע גוטע יאָר!

איך בין אַ מענטש, וואָס עלטערט זיך פון יאָר צו יאָר.
איך האָב שוין זילבער־פעדים אין די בלאָנדע האָר
און קנייטשלאַך בײַ די שלייפן אויך מסתמא.
געלויבט איז גאָט, — עס רופט מיך נאָך מײַן מאַמע
אין אירע בריוולאַך: „זון מײַן ליבער“,
און איך, וואָס קוק דורך ווײַטקייטן צו איר אַריבער,
נעם אָן פאַר ליב, ווי זי, דעם זונשײַן און די שאָטנס,
דאַנק גאָט פאַר טרוקן ברויט, ווי פאַר געבראָטנס.

איך בין אַ מענטש, וואָס איז פאַרליבט אין אַלץ ביז גאָר
און לעב זיך אָט אַזוי צו אַלדע גוטע יאָר.
איך גיי זיך מיר מײַן וועג, און טרעפט אַ גרוב, שפּרינג איך אַריבער.
דאָס נעכטיקע איז קיינמאָל מיר פון הײַנט ניט ליבער.
איך האָב מײַן מאַמעס בלויע, ווײכע אויגן פול מיט זאָרגן,
וואָס זאָגן פרײַנטלאַך יעדערן: גוטמאָרגן.

גוטמאָרגן יעדערן, וואָס קומט צו מײַנע טירן, שוועלן, —
קומט, קומט! איך וועל פאַר אַלעמען באַשטעלן
אַ צוקערלעקאַכל, און יאַגעלאַך פון טויבן,
אַ פלוימען־צימעס און אַ פלעשל ווײַן פון טרויבן.

גוטמאָרגן צו די אַלע טעג,
וואָס שלעפּן זיך צו מיר אָף זייער וועג.
די ליכטיקע וועל איך מיט דאַנק אויפנעמען

## ז. וויינפער

און אויך די גרויע וועל איך ניט פארשעמען.
די לעצטע, ווי די ערשטע וועל איך א גוטמארגן זאגן,
דען, ווי די ערשטע, גיבן אויך די לעצטע אלץ, וואס זיי פארמאגן

די טעג צעטיילן זיך אף שעה'ען און שעה'ען אף מינוטן,
אין יעדער שעה איז עפעס דא פאר מיר צום גוטן,
און אז עס קומט אמאל א שעה, א טריבע
דערוואַרעם איך זי מיט מיין ליבע,
און ליכטיק ווערט און גוט.
איך זאג: דער שלעכטער ווייסט ניט, וואס ער טוט,
ווי אפטמאל ווייסט ניט מיט זיין גוטסקייט אויך דער גוטער.
דער מענטש איז מענטש, און וואס עס טוט זיך אים, דאס טוט ער.

איך בין א מענטש, וואס איז פארליבט אין אלץ ביז נאר
איך לעב זיך אט אזוי צו אלדע גוטע יאר.
אמאל בין איך א בוים מיט זאפטיק־פרישע פרוכט,
וואס ווינקט צו יעדערן: — קומט, נעמט, פארזוכט!
אמאל בין איך, ווי אפ'ן פעלד דאס גראז,
וואס לעבט זיך אין דער נידעריק, ניט פרעגנדיק צו וואס.
איך ווייס, אז אט די גליענדיקע שעה,
וואס איז מיט מיר איצט דא,
געוועזן איז דא פון אייביק אן, און זיין וועט זי אויך אייביק.
דאס ליד פון דעם פאעט ה. לייוויק,
וואס פרעגט, און שטראפט און מאנט
איז צו מיין הארצן נאנט
בלויז ווייל עס איז א ליד אזא פון לייוויקן דעם דיכטער,
און ניט קיין שטראפרייד פון א ריכטער!

עס זיינען אלע מינים שטראפרייד צו מיר פרעמד,
נאר אייגן איז מיר לייוויקס ליד, ווי אייגן איז מיין העמד
צום לייב פון מיינע גלידער.

# אייגנס

איך זינג, ווי ער, אויך לידער.
נאָר מיינע מאָנען ניט,
דערמאנען ניט,
ווי קלינגענדיקע קלויסטער גלעקער.
עס איז מיין ליד אויך ניט קיין וועקער
און ניט קיין איבערשרעקער.
נאָר שטיל אזוי זיך שפּילט עס
און ווענען שפּיל איז ליב, פאַרשפּילט עס.

איך וואַרף זיך אום מיט קלאַנגען פון די הענט,
ווי קינדער וואַרפן לופט־באַלאָנען אין דעם זונידיקן בלענד
און האַלעוואַי זאָל איך זיי אזוי ווייטער וואַרפן
און זאָלן נעמען אַלע וואָס באַדאַרפן
אַף יעדן וועג און שטעג,
דורך אַלע מיינע טעג.

א וועג, א שטעג, — די וועגן,
זיי שמייכלען פריינטלאַכע צו מיר אַנטקעגן,
ווי קינדערלאַך אין זייער ריינקייט.
אַף יעדן וועג אַן אַנדער שיינקייט!
און מאַכט זיך, אַז עס קלאָגט זיך פאַר מיר איינער,
ווייל אַף זיין רוקן זיינען בערגלאַך זאַמד, און שטיינער.
נו, העלף איך זיינע זאַמדן אויסצוקעמען
און זיינע שטיינער צו פאַרנעמען.
דער שוויס, וואָס רינט מיר פונם שטערן —
מיין פרייד, וואָס אים וועט גרינגער ווערן.
און אַז עס טרעפט זיך וואו א וועג שוין אויסגעטראָטן,
און אַז א בוים לאַדט איין מיך אין זיין שאָטן,
נעם איך זי אָן און לעג זיך שטיל אַנידער
און וויג זיך איין מיט לידער.

## ז. וויינפער

דאָס ליד, וואָס זינגט זיך גלאַט אַזוי,
איז דאָך קיין ליד ניט גלאַט אַזוי.
דאָס ליד איז ליד פאַר זיך אַליין
ווי זון איז זון, באַם אופגיין און פאַרגיין,
ווי בלאַסע, זילבערנע לבנה,
וואָס זילבערט אָפּ די ערד אַזוי אַ אָן אַ שום כוונה,
ווי אויפשפראָץ איבער בערג און טאָלן,
ווייל אונטער זיי איז ערד מיט זאַפטן אָנגעשוואָלן.
גוי בחור'עשער אויפברויז צו דעם לייב פון מיידל,
ווי פערדה, וואָס פאַטשט זיך גלאַט אַזוי אום מיט'ן ווידל.
ווי טאַנץ, געזאַנג און שפּיל
וואָס איז פאַר זיך אַליין אַ ציל.

איך בין אַ מענטש, וואָס עלטערט זיך מיט יעדן יאָר,
און בין פאַרליבט אין אַלץ ביז גאָר.
און כאָטש איך ווייס, ווי דו און ער,
אַז שרעקלאָך איז דער בער
מיט זיינע שווערע לאַפּעס אָף דער ערד
פאַר ווערעמל, וואָס דעם איז פויזן בלויז באַשערט,
דאָך ווייס איך אויך, אַז ווי דעם ווערעמל איז שווער
איז שווער דעם בער.

אַזוי איז דאָס געווען, אַזוי וועט זיין.
צוזאַמען מיט דער פרייד, איז דאָ די פּיין.
פון זעלבער ערד גייט אוף דער סם, דער ווייַן
און ביידע זינגען אויס דאָס ליד פון זיין.

## מיר אַמעריקאַנער

1

אין דיינע שטעט יאַרידישע
מיר קינדער, אידישע,
יונג־יעריקע.

אין דיינע גאַסן וואַביקע,
מיר קינדער, לאַביקע
און טרעריקע.

אין דיינע לידער גאַסיקע,
דאָס ליד אויך אונזער ראַסיקע
צו אַמעריקע.

2

אין דיינע רעוועגדיקע שיפן
איבער האָדסאָן־מיסיסיפּיס טיפן
זיינען מיר אויך בא דער ראָד.

אין דיינע איילענדיקע באַנען,
אין דיינע פליענדיקע עראָפּלאַנען
זיינען מיר אויך בא דער ראָד.

אין דיינע טאָלן, אַף דיינע בערג,
אַף אַלע דיינע רוישנדיקע מערק,
דער עכאָ אויך פון אונזער טראָט.

## ז. ווײַנפּער

3

דורך אײַזן און גראַניט
געשטאַרקט איז אונזער ליד
און שטאָליק.

אונזער אידיש וואָרט
שלאָגט דאָ אַף יעדן אָרט
וואָרצלען טיף, אומצאָליק.

פאַר יעדן ווער עס שטערט
איז אונזער וואָרט אַ שווערד,
גלאַנצנדיק און שטאָליק.

4

אויך אינ׳ם היגן רוים
וויגט אום זיך אונזער טרוים, —
אַ שײַנענדיקער שטערן.

עס וועט דער שטאָטיקער געשריי
מיט קולות אַלערליי
אים נישט פאַרצערן.

דורך שאַפּ געררויש און קוימען רויך
וועט אונזער ליד מיט נײַעם כח
זיך דאָ דערהערן.

5

דער שטיין און דער גראַניט
וועט אונזער אידיש ליד
מיט נײַעם קלאַנג אָט דאָ באַשערן.

אייגנס

פון קלאַנג און קלאַנג, און קלאַנג
אַ שטאַרק און ברייט געזאַנג
וועט זיך דערהערן.

און פאַר אַ יעדער שויב
וועט זיך עס טאָן אַ הויב
און אומעטום זיך הערן.

6

און איר, פאַרוואָרפענע אַהער,
וואָס קומען מער און מער
דורך אַלע ים'ען.

אויף יעדן באַרג און טאָל
לאָזט הערן אייער קול,
איר זיין פון אַלע שטאַמען.

אויף שטיין און אויף גראַניט,
פון יעדן שטאַם — זיין ליד
און אַלע דאָך צוזאַמען.

7

יעדער מיט זיין קול, זיין טאָן,
די פידל, דער טראָמבאָן,
אַלע אין אָרקעסטער.

אַ קליינע איז די פלייט,
אַ גרויסער — דער טרומפייט,
צוזאַמען קלענסטער, גרעסטער!

די שווערע פויק: — בום־בום!
דער דיקער באַס: — זום־זום,
יעדער איז דער בעסטער!

## ז. ווײַנפּער

8

א זוניקע איז מאַרגאַרעט,
א פֿלאַמיקע — זשאַנעט,
און חנ'עוודיק איז אסתּר.

א בויגזאַמער איז זשאַן,
א ברייטער איז סטעפֿאַן,
און זיגפֿריד איז דער גרעסטער.

און יעדערער פּאָר זיך, מיט זיך,
אין שטיוול, צי אין שיך,
און אַלע ברידער, שוועסטער.

9

שײַנע זײַנען אַלע פּענער,
נאָר פֿון זיי נאָך שענער
ביסטו און איך.

דו אַזוינער און אַזוינער, —
ווייסער, שוואַרצער, ברוינער,
אין שטיוול, צי אין שיך.

אין עקסטאַזידיקן טאַנץ,
יעדער מיט זײַן שײַן, זײַן גלאַנץ
און צווישן זיי אויך איך.

10

די שווערע פּויק: — בום־בום!
דער דיקער באַס: — זום־זום!
אַרויף און אין דער נידער,

## אײגנס

שטרעק אױס דײַן האַנט מיר זשאַן,
און דו אױך זיגפריד און סטעפאַן,
עס איז אַ טאַנץ פון ברידער.

און טאַנצנדיקן קאַראַהאָד,
פאַראײניקט מענטש און גאָט
זיך װידער.

11

מיר קומען, גײען דורכ׳ן זעלבן טויער,
פאַרשידן בלױז איז אונזער טרױער
און די פרײד.

די זעלבע שפּײַז, פאַרשידן בלױז די קעכער,
דער זעלבער װײַן, פאַרשידן בלױז די בעכער,
דער זעלבער גאָט האָט זײ פאַרגרײט.

און יעדערער פאַר זיך באַזונדער,
ברענגט מיט אַהער צו אונז זײַן װאונדער
פון טרױער און פון פרײד.

12

אין דער זעלביקער אכסניה,
ענגלאַנד, אירלאַנד און שפּאַניע, —
באַזונדער בלױז די טיר.

גוטע און געטרײַע שכנים —
זיצט מען אָפט אינאײנעם,
דו בײַ מיר און איך בײַ דיר.

עונזײפריקן די טישן ?
מאַכעטײסע, אָבער נישט צעמישן
דאָס געשיר.

## ז. ווײַנפּער

### 13

אין גרויסן מאַרש פון נאַציאָנען,
אין פלאַטער פון קאָלירנדיקע פאָנען
איז אויך מײַן טראָט, מײַן פאָן.

אין ווידערקלאַנג פון האַמערס, רידלען
אין פויקן פון דער פויק, און שפּיל פון פידלען
איז אויך מײַן קלאַנג, מײַן טאָן.

אין שפּיל פון די זיך בייטנדיקע פאַרבן
פון קאַמף און אויפלעבונג, פון אונטערגאַנג און שטאַרבן
בין איך מיט אַלעמען אין קאָן.

### 14

מיר אַלע דאָ אינאיינעם,
גוטע און געטרייע שכנים
אויף דער זעלבער ערד.

מיר דאָ אַזוינע און אַזוינע,
ווײַסע, שוואַרצע און די ברוינע
אויף דער זעלבער ערד.

פון יעדער טיר, פון יעדן פענצטער,
די שענסטע און דער שענסטער
צו דער זעלבער ערד.

## אַן אַנדערער!

דער יובלדיקער רוף פון האָרן
האָט ווידער אונז צום נאַר געמאַכט,
געקומען איז אַ קאַליקע צופאָרן
און זיינע וואונדן מיטגעבראַכט.

און מיר, וואָס זיינען מיט די פאַקלען
אַנטקעגן אים מיט פרייד אַרויס,
צוריק אַהיים זיך וואַקלען,
אַ יעדער צו זיין הויז.

און אַף די שוועלן זיצן מיר, און ברומען:
ניט דער! ניט דער! ניט דער!
אַן אַנדערער וועט מוזן קומען
פון וויטן וועג אַהער.

די פאַקלען וועלן ווייטער וואַרטן
אַף דעם גענאַרטן.

ז. ווײַנפּער

# מיר

חיים ליבערמאַנ׳ען

גלעקער קלינגען מיט באַדויער,
נאָר ניט טרויעריק איז אונז דער קלאַנג.
מיר, וואָס האָבן ניט איין טויער
דורכגעשפּאַנט אין אונזער גאַנג,
הערן מער שוין ניט קיין טרויער
אין אַ גלאָקן קלאַנג.

הינטער אונז אַ שאַרפער צייכן
פון פאַרביי געשפּאַנטן טראָט,
פאָראויס נייע וועגן בלייכן,
גייען מיר אַף גאַטס באַראָט.
ערגיץ וועלן מיר דערגרייכן
מיט באַנייטן טראָט.

באַרג נאָך באַרג אַרויף אַרונטער,
אָט צעגרינט זיך נאָך אַ באַרג.
זון צעגליטע, רויט ווי צונטער
איז מיט שיין צו אונז ניט קאַרג,
שפּאַנען מיר און זינגען מונטער
פון אַ באַרג צו באַרג.

בערג און בערגלאַך פיל אומצייליק,
אונזער טראָט איז נאָך ניט מיד.
אַלץ איז גוט, און אַלץ איז הייליק,

## א י י ג נ ס

הייליק אויך איז אונזער ליד.
ערגיץ וואו איז יעדנס חלק
אפּגעטיילט, און אפּגעהיט.

גלעקער קלינגען: אוי און אוי'ער
פרעג פאַרוואָס, און פרעג פאַרווען!
מיר, וואָס האָבן ניט איין טויער
דורך די וועגן שוין געזען,
וועלן גאָר א נייעם טויער
אפּ'ן וועג דערזען.

## ז. ווײַנפּער

# הייליקע זייער

אַ מתנה די שול־טוער.

טרוקענע פעלדער און וועגן,
שטיינער און שטעכיקע דערנער,
קומען מיר דאָ זיך אנטקעגן
הייליקע זייער מיט קערנער.

זיינען מיר נישט קיין גענאַרטע,
טוען מיר וואָס מיר באַדאַרפן
איבער דער ערד, דער פאַרהאַרטער
גראָבן זיך רידלישע שאַרפן.

זיינען די פּיס פול מיט וואונדן?
ווער האָט דען צייט זיי צו פילן!
העל האָט די זון זיך צעצונדן,
גילדענע שטראַלן זיך שפילן.

רידל און לאָם פּאַר די דערנער!
ערד ווערט מיט שוויים דאָ געריייניקט,
הייליקע זייער מיט קערנער
גייען און זייען פאַראייניקט.

שטיינער און דערנער דערלעבן?
גראָבן מיר, זייען מיר היי־יאָר?
איבער אַ יאָר מעט דערלעבן —
הויפנס מיט תבואה אין שייער!

## אַ מאָנומענט

אינמיטן שטאָט, אַף ברייטן סקווער
אַ בראָנזנדיקער מאָנומענט.
אַ שטאָלצער, אַ באַיאָרטער הער
האַלט אויסגעשטרעקט די הענט.

די אויגן אָפענע, דער בליק —
צו אַלע ווייטקייטן געווענדט,
דאָס גרויסע וואָרט פון מענטשלאַך גליק
אַף זיינע הענט גליט אום און בלענדט.

נאָר וועלט איז בלינד, נאָר וועלט איז טויב,
זי קוקט און הערט זיך גאָרניט צו.
בלויז ווען ניט ווען אַ ווייסע טויב
קרייזט איבער מאָנומענט און רו.

די ווייסע טויב דערזעט, דערהערט
און וואָרקעט שטיל דאָס וואָרט אויך מיט.
נאָר טויבן־וואָרקע ווערט פאַרצערט
פון וועלטס צודזשאַזעדיקן ליד.

באַטאָג, באַנאַכט פון דאָ און דאָרט,
איילט וועלט פאַרביי דעם מאָנומענט
און הערט גאָרניט דאָס העלע וואָרט,
וואָס איז צו איר געווענדט.

## ז. וויינפּער

נאָך גוט, וואָס בראָנזנדיקער הער
ווערט פון דער וואַרטעניש ניט קראַנק,
שטייט ער זיך דאָ אינמיטן סקווער
געדולדיק אַזוי יאָרן לאַנג.

דער זומער רעגן אױף די הענט
און ווינטער איבער זיי דער שניי,
נאָר וואָרט צעגליט זיך און צעבלענדט
וואָס ווייטער העלער איבער זיי.

## דאָאיק — נישטאָאיק

וועמען פאַרניינען? און וועמען באַיאָען?
יעדער פון אונז איז אי יאָ, איז אי ניין!
איבער די קעפּ פון אונז אַלעמען, דראָען
דראָאיקע הענט מיט פאַרגיין.

דאָאיק איז שעה'איק, און שעה'איק — נישטאָאיק,
מער ניט ווי רגע'ס פאַר אונז אין דער שעה.
שווער איז דער טראָט פון דער רגע, און קלאָאיק,
טרעט און פאַרטרעט וואָס איז דאָ.

ליכטיקייט, טונקלקייט, מלאך און שטן,
אַלצדינג צעמישט אינ'ם זעלבן ווירוואַר.
דער וואָס צעטרעט, ווערט אַליין אויך צעטראָטן,
יעדערער — חכם, און יעדערער — נאַר.

טעג האָבן וואָלקנס, און נעכט — די לבנה,
דעמערונג האָט דאָך צוביסלאַך פון אַלץ.
גאָט האָט באַשאַפן מיט זעלבער כונה
פעפער און צוקער, האָניק און זאַלץ.

גרויסע — נאָך גרעסער! קליינע — נאָך קלענער!
וואו איז די וואָג, און וואו איז די מאָס?
ווער קאָן דען זאָגן, וואָס מיאוס'ער, וואָס שענער, —
ווער קאָן באַשיידן דעם וואָס און פאַרוואָס?

וועמען פאַרניינען און וועמען באַיאָען?
אַלץ וואָס איז דאָ, איז אי ניין, איז אי יאָ.
ניינען און יאָען און דאָען, נישטאָען,
אַלץ וואָס איז דאָ איז, אי דאָ אי נישטאָ!

ז. ווײַנפּער

## זער טויזנט אויגיק

זער טויזנט־אויגיק
זעט אָפּט ניט דורך טוי.
אמת איז דאָך בויגיק,
ליגן אויך אַזוי.

לאָמיר מער ניט וואַרטן
מיט פאַרלייגטע הענט,
קרוין אַף דעם געגאַרטן
שיקט אונז שוין זיין בלענד.

ווייל ער דאָך מסתמא, —
וויסן זאָל מען דאָ,
אַז די ליקע־כאַמע
איז שוין מער ניטאָ.

זאָל מען זשע ניט זיצן
יעדער אַף זיין שוועל.
לייכטנדיקע בליצן
מאַכן וועגן העל.

זאָל מען זשע פאַרלאָזן
יעדערער זיין הויז,
און מיט פרייד זיך לאָזן
צו דעם וועג אַרויס.

הימלען פון די קוימענס
העכער — בלויז אַ האָר;
וואָר אין די חלומות,
חלום — אונזער וואָר.

## א י י ג נ ם

# איוואנציע מאזעפיך

א גאנצן נאכמיטיק האט זון זיך געשפילט אף מיין טעפיך
און איך מיט א בוך וועגן טויט פון איוואנציע מאזעפיך.
דאס גאלד פון דער זון אין א שפיל מיט די טעפיך־אוזארן,
אין שפיל פון דער זון איז איוואנציע מיר אייגן געווארן.

געוועזן איז איוואנציע א שייגעץ קוים נאענט צו צוואנציק,
קאשקעטל אריבער די אויגן, דאס דאשיקל גלאנציק.
זיין פנים מיט קלייענדלאך ברוינע, די האר קוטשעראווע
און צווישן די כלאפצעס אום זונטיק א קאכיק שטיק לאווע.

אין זומער פרימארגנס, ווען גראז איז נאך נאס פון דער ראסע,
פלעגט הערן פון ווייט זיך דער קלאנג פון זיין שארפשטיין און קאסע.
און שפעטער, אז ער פלעגט די קאסע נאר נעמען באוועגן
איז גראז זיך צעפאלן מיט שנעלקייט פון ווינט אים אנטקעגן.

און צווישן די שקצים און שיקסעס א שפילער, א זינגער,
די פיס צו א טענצל, פון ווינטל נאך פלינקער און גרינגער,
אז ער פלעגט א נעם טאן אין אוונט צום מויל די הארמאנקע,
פלעגט יוגנטלאך פרייד זיך צעוויגן, ווי גראז אף דער לאנקע.

---

געוועזן איז די וועלט פאר איוואנציען א לידל, א מעשה
פון וועלדער און פעלדער צעגרינטע און כאטקעלאך ווייסע.
די שקאצים און שיקסעס — א שפיל פון סערמיאגעס — קימאנקעס
און אלץ האט גערדייט זיך אין טאנץ צו דעם שפיל פון הארמאנקעס.

## ז. ווײנפער

און פּלוצלונג, ווער איז מיט אַ מעסער אױף װעלט אַנגעפאַלן?
עס זײנען די טעג, װי די װעלף אױפגערײצטע איר רוקן באַפאַלן.
עס ציען זיך בלוט־רויטע שנירלאַך פון אַלע פיר עקן,
די וועלט איז צעוואונדעטע געוואָרן און הינקט אױף אַ שטעקן.

אויך איצט איז אַ זומער־פרימאָרגן, די זון און די ראָסע,
נאָר שאַרפשטײן צעקלינגט זיך נישט מער אין דער לופט
פון דער קאָסע,
די קאָסע? צי וועט ער אַמאָל זי דען נאָכאַמאָל שאַרפן?
די קאָסע? צי וועט דען דער מענטש זי אַמאָל נאָך באַדאַרפן?

זײן אַקער פאַרזשאַווערט מסתמא אין ווינקל פון שײער, —
ווער ווײסט, צי ער איז ניט אינגאַנצן אַוועק מיט'ן פײער!
די פעלדער אױף מײלן אַרום ניט פאַרזײט, ניט געשניטן,
ווער האָט עס די קלינגענדע קאָסעס אױף ביקסן פאַרביטן?

ווער האָט עס דאָס גראָזיקע פעלד דאָ צעשניטן אױף צווײיען?
עס שפּאַנען אַרמײען פאַרמאַטערט אַנטקעגן אַרמײען.
פון דער זײט איוואַנציעס מיט לײבער צעפוילטע, פאַרשוויצטע,
פון יענער זײט פריצעס מיט וואָנצעס און היטלען פאַרשפּיצטע.

די פריצעס? ערשט נעכטן האָט ער דאָ אַ פריצל געפאַנגען,
איז יענער נאָך אים אַזאַ שטילער און מידער געגאַנגען.
געגאַנגען? אַ ניין! ווי אַ שעפּסל איז ער דאָך געקראָכן, —
ווי גוט, וואָס ער האָט אים פון ברויט אויך אַ שטיק אָפּגעבראָכן!

געזעסן אױף דר'ערד און געגעסן — אַ פּנים צו פּנים,
געזעסן, געגעסן צוזאַמען און גאָרנישט, ווי שונאים, —
פאַרוואָס איז דאָס פעלד דאָ צעשניטן אױף צווײיען?
צו וואָס אָט די בלוטיקע פלעקן? צו וואָס די אַרמײען?

די זון האָט מיט גאָלד איבער נאָענטן וואַלד זיך געהויבן,
צעגלאַנצט האָבן ריטשקעס פון ווײט זיך, ווי ליכטיקע שויבן.

## אייגנס

ווי ליב איז געווען אים אמאָל אַף דער לאָנקע, די ראָסע,
ער קוקט אַף זיין ביקס און צעבענקט זיך מיט פיין נאָך דער קאָסע.

און ביינקענדיק שלעפּט ער פון שטיוול אַרויס די האַרמאָנקע
און זע נאָר, עס שמייכלט דאָך פריץ און עס שמייכלט די לאָנקע
און טעג, ווי די פערדלאַך נאָך קיינמאָל אין שפּאַן נישט געשפּאַנטע
צעשמייכלען זיך פריידיק און ליכטיק מיט שמייכלאַך באַקאַנטע.

דער אָוונט נעמט לעשן צוביסלאַך דאָס גאָלד אַף מיין טעפּיך,
נאָר זוניקער ווערט אַלץ פאַר מיר איצט איוואַנציע מאַזעפּיך.
ער ווייסט שוין פאַרוואָס איז דאָס פעלד דאָ צעשניטן אַף צווייען,
ער ווייסט, ווער עס טרייבט די אַרמייען אַנטקעגן אַרמייען.

און ווען אין אַ נאַכט האָט אַ ליכט זיך גענומען צעבלייכן
האָט פּלוצלינג איוואַנציע מאַזעפּיך פאַרשטאַנען דעם צייכן.
און ווען איבער אים איז דער מאָרגן מיט רויט אויפגעגאַנגען,
איז ער אים מיט ביקס און האַרמאָנקע אַנטקעגן געגאַנגען.

עס האָבן זיך אַלע איוואַנציעס פאַראייניקט צוזאַמען,
אַ ווייל האָט דאָס פעלד און דער וואַלד זיך געוויקלט אין פלאַמען,
אַ ווייל האָט אַ קול זיך געטראָגן אין לופטן מיט צאָרן,
נאָר גיך איז דאָס פייער און צאָרן אַנטשוויגן געוואָרן.

איוואַנציע מאַזעפּיך אין קרייז פון אַ יונג־רויטער מענגע,
אין מויל די האַרמאָנקע, אין לעצל אַ בלוט־רויטע סטענגע.
און ביקסל ? ער וועט אָט דאָס ביקסל שוין מער ניט באַדאַרפן,
עס בענקט שוין אין שייער דער שאַרפשטיין די קאָסע צו שאַרפן.

און וויי־ווי, צו פרי איז געווען נאָך די ביקס צו פאַרוואַרפן,
צופרי איז געווען נאָך מיט שאַרפשטיין די קאָסע צו שאַרפן.
עס האָבן אין הימל זיך פּלוצלונג די פאַרבן געביטן,
פאַרנאַכט זיינען רייטער פון וועלדער אַף גיך אָנגעריטן.

נאָך רויטן פרימאָרגן איז אָוונט אין שוואַרצן געקומען
און אונטער די טונקעלע פאַלעס דאָס רויטקייט פאַרנומען

## ז. ווײַנפּער

עס האָבן די שוואַרצע מיט פײַער די רויטע פֿאַרטריבן,
אין פֿעלד איז איוואַנציע בלויז אײנער א רויטער פֿאַרבליבן.

נאָר רויטקייט בלײַבט רויטקייט אויך אונטער די טונקעלע פֿאָלעס,—
עס שוואַרצט אין די אויגן דאָס שוואַרצקייט ? — נו זאָל עס !
און ווען אַף זײַן האַלז האָט אַ שוואַרצער דאָס שטריקל פֿאַרצויגן,
געקוקט האָט איוואַנציע מאַזעפּיך מיט שטראַליקע אויגן.

עס האָט זיך די שוואַרצקייט געוואונדערט,—פֿון וואַנען די שטראַלן?
און פּלוצלונג אַ פֿינצטערע מורא אַף זיי איז געפֿאַלן, —
צעגליט האָט דאָס רויט זיך אַף יענער זײַט טײַכל און בריקל
און אויפֿגעשײַנט גילדיק און רויט האָט איוואַנציע אין שטריקל.

# אונזער טרייסט

סאַקאָ און וואַנזעטי

אומגעבראַכט דעם 22טן אויגוסט, 1927.

דער ווייזער אַפ'ן טורעם־זייגער — צוק און רוק, —
אַ ווייזער, ווייזער, זאָל שוין זיין גענוג!
דיין יעדער צוק און רוק דערנענטערט זייער סוף,
דיין יעדער צוק און רוק דערנענטערט אונזער שטראַף.
ער הערט מיך ניט און רוקט זיך גלייכגילטיק צום צוועלף,
און עמיצער צעשרייט זיך אין דער נאַכט: אַ העלף!

אַ העלף! עס האָט דער אַלטער ביינערדיקער געץ
צעעפנט ברייט דאָס פאַרמעטענע בוך: — געזעץ.
זיין פנים, ווי דאָס בוך איז אַלט, צעקנייטשט, פאַרגעלט,
זיצט ער און טייטשט די פסוקים פונ'ם בוך, ווי אים געפעלט.
זיין גוף פון אַלטקייט איז געבויגן און צונויפגעדרייט,
זיצט ער און משפט און פאַר'משפט אונזער פרייד.

אַ העלף! עס ווערט אין אַט דער פיינלאַך, שווערער נאַכט
די פרייד פון אונזער לעבן פאַר אַ קרבן דאָ געבראַכט.
די פרייד פון זיין כאָטש אַף געציילטע יאָר אַט דאָ,
גייט אוף מיט רויך פון געצ'ס מזבח און — נישטאָ.
און מיר, פאַרלוירענע און מאַכטלאָזע, וואָס זאָלן טאָן?
עס הערשט דער ביינערדיקער געץ נאָך אַפ'ן טראָן!

דער ביינערדיקער געץ! געביילטע דראָענדיקע הענט
און צאָרנדיקע אויגן זיינען איצט צו אים געווענדט!
נאָר גיי דערשרעק דעם געץ, וואָס איז פון הארטן ביין געמאַכט!

## ז. וויינפּער

דעם לעצטן שאָטן פון דער שוואַרצער צאַנקענדיקער נאַכט
איז אומעטיק אליין אַוועקצוגיין פון אונזער ערד.
דער לעצטער שאָטן פאָכעט נאָך עקשנותדיק זיין שווערד!

נו, פאָכע, פאָכע שאָטן שוואַרצער, ס'איז דיין לעצטער פאָך!
דער מענטש אַף אונזער ערד איז ניט קיין אָקס אין יאָך,
וואָס נעמט די בייטשן־קנאַלן צו און שפּאַנט און שווייגט.
דער מענטש וואָס ווערט געבייטשט פון בייטשן, פאַלט און שטייגט.
די שווערד, וואָס פלעקט, באַפלעקט מיט בלוט די ערד,
ווערט אין איר זשאַווער סוף כל סוף אליין פאַרצערט.

דער זייגער אַף דער גרויסער טורעמדיקער וואַנט, —
דער ווייזער דאָרט! — צי פילט ער ניט די בראַנד,
וואָס צינדט אין אונזער בלוט זיין יעדער צוק און רוק?
עס ווערט אין האַלדז פאַרשטיקט דאָס וואָרט: געננג.
צו שפּעט. ער איז שוין אַפ'ן ציפער: צוועלף.
אומזיסט איז איצט שוין דאָס געשריי: אָ העלף!

אָ העלף! אָ העלף! צו וועמען? און צו וואָס?
ווי נעכטן טויאיק איז ארום אָט דאָ דאָס גראָז,
און איבער אונז — די שטערן מיטן זעלבן זילבערדיקן בלענד.
נאָר מיר אָט דאָ ארום דעם געץ — די פיס, די הענט
צענאָגלטע, צעבלוטיקטע, באַטריבט, פאַרקלעמט,
ווי יעזוס אַפן צלם דאָ ניט ווייט, פאַרשעמט.

נאָר שעמענדיק זיך, הענגען מיר דאָך ניט די קעפּ אַראָפּ.
דער ווינט, וואָס וויגט דאָס העמד אַף אונזער לייב אַרויף, אַראָפּ,
טראָגט אויך פאַר אונזער וואונדיק לייב אַ היילונג אין זיין בלאָז.
דאָס רויטע בלוט, וואָס קאַפּעט איצט אַראָפּ דאָ אַפן גראָז
מאַכט זאַפטיקער די האַרטע ערד און פון איר טיפער אינגעווייד
גייט אוף אַריבער אונז די טרייסט פון גאָר אַ נייע פרייד.

# טרויער

עפּעס האָט אין מיר געטאָן אַ טיפן ציטער, —
נעכטן האָט אַ גאָלדיקער, צעגליטער,
עמיצער באַם האָריזאָנט זיך אויפגעהויבן
און געגליט די דינע פּאָרהאַנגען דורך מיינע שויבן.
איצטער הענגען זיי און גרויקייט מישט אוים די אוזאָרן, —
רייטער זיינען אָנגעקומען און צוריק אַוועקגעפאָרן,
שיפן זיינען אָנגעלאָדענע צו מיינע ברעגן אָנגעקומען,
און צוריק אין ווייטע לענדער אָפּגעשוואומען.

ציטער נישט, מיין האַרץ, און נישט באַדויער, —
רגע'ס זיינען בלויז פאַר פרייד און אייביק איז דער טרויער.
פריי איך זיך מיט רגע'ס, ווי אַ קינד מיט זייפנבלאָזן,
פאַרב אליין דאָס שווארצקייט אָפּ אַף ראָזן.
רייטער זיינען אומרואיק און האָבן ליב צו רייזן,
וועלן זיי זיך נאָכאַמאָל אָט דאָ באַווייזן.
שיפן זיינען אָנגעקומען און צוריק אַוועקגעשוואומען,
וואַרט איך ביז די שיפן וועלן ווידער צו מיר קומען.

עפּעס האָט אין מיר געטאָן אַ טיפן ציטער, —
לעבן מיר, מיין הונט, — אַ שומר אַ געניטער,
שאַרט זיך אומרואיק באַ מיינע קניען.
רגע'ס, ווי די קעמלען איבער מדבר־זאַמד זיך ציען.
פּלוצלינג שפּרינגט ער אוף, צעפּינטלט זיינע ברעמען
— האַוו־האַוו! צעבילט ער זיך, נישט וויסנדיק אַף וועמען.
גלעט איך פיינלאַך אים דעם קאָפּ און אויך זיין אויער —
רואיק זיי מיין הונט, עס איז דאָך בלויז מיין טרויער.

## ז. ווײנפּער

# דײַן לידער בוך

**יהואש׳ס אנדענקען**

כ׳האָב הײַנט געזען אַרונטערנידערן דיך אין דײַן גרוב,
און איצטער זיץ איך אין אַ ווײַכן שטול בײַ זיך אין שטוב,
און בלעטער בײַ דעם שײַן פֿון לאָמפּ דײַן לידער־בוך.
אין אויער קלאַפּט און עכאָט אָפּ דער ברוך,
וואָס לאָם און רידל האָבן אין דער ערד געמאַכט.
די ערד — אַ גאָלדיקע. איך האָב אַהײם געבראַכט
פֿון איר אַ סימן אױף די קלײדער און די שיך,
און גאַרנישט שווער איז מיר צו טראָגן זײ אױף זיך.

בײַטאָג האָב איך געזען אַ שטח ערד מיט שניי באַדעקט,
און לעבן מיר האָט זיך אַ גאָלדן בערגעלע צעפּלעקט, —
אַ גאָלדן בערגעלע, ווי גאָלדיק ס׳האָט די זון געבלענדט!
אָ, וואָלסטו אױף דער שײנקײט קוקן דאָן געקענט! —
אַ ווײַסער שטח מיט אַ גאָלדן בערגעלע אין מיט —
איך מיש דײַן לידער־בוך און טראַכט זיך: ס׳אַרא ליד
עס וואָלט אַ זינג געטאָן דײַן דיכטער־האַרץ דערפֿון, —
אַ שטח שניי, אַ גאָלדן בערגעלע און איבער זײ — די זון.

אַ גאָלדן בערגעלע; ווי גאָלדיק ס׳איז דײַן יעדער אות —
(אין גאָלד טוט אָן זיך יעדער בוים און יעדער גראָז,
ווען האַרבסט באַווײַזט זיך איבער באַרג און טאָל.)
פֿאַרגיב, וואָס כ׳האָב אַמאָל, אַמאָל דײַן קול
פֿאַרנומען ניט אַזוי, ווי איצטער אין מײַן שטוב.
כ׳האָב הײַנט געזען אַרונטערנידערן דיך אין דײַן גרוב,
און איצטער אין דער שטילער אָוונט־שעה,
דײַן לידער־בוך מיט מיר, און דו ביסט ווידער דאָ.

## דער פּאָעט

(א)

אַ שטערן גליט אין מיטן הימל. גליט און שטראַלט,
און פּלוצלונג בליצט ער אויף און פאַלט —
און ווערט נישט.

זיין ליד, זיין אויסגעליטערט וואָרט, דורך פרייד און צער,
האָט ער נישט איינמאָל שוין געשיקט צו גאָט, זיין האַר,
נאָר ער דערהערט נישט.

איצט צאַפּלט ער זיך, ווי אַ שמעטערלינג, אליין,
אַמאָל דורך אַ געזאַנג און אָפּטמאָל דורך געוויין,
זייט שטיל און שטערט נישט!

(ב)

דער מאָרגן וועקט זיך אויף מיט גאָלדיק־רויטן גלי
און ווי אַ חיה פון אַן אָנגעברענטן אייזן־ברי,
רוקט שנעל די נאַכט זיך אָפּ פון דאַנען.

און ער האָט, ווי אַ הונט, אָט דאָ געוואַכט, געוואַכט.
דעם שטערן־גלי, דעם שאָטן־שפּיל און פינצטערניש פון נאַכט
באַנומען און פאַרשטאַנען.

איצט טוט דער מאָרגן זיך מיט גאָלד און זונשיין אַ פאַרצי,
עס וועקן זיך די פייגל אין די נעסטן מיט אַ פּלי,
די קראָען, ווי די שוואַנען.

## ז. ווײַנפּער

(ג)

קראַ־קראַ! קראַ־קראַ! — אין גאָלדיק־העלער מאָרגן־שעה
הויבט אויף זיך קראַקנדיק אַ שוואַרצע קראָ
מיט אויסגעשפּרייטע פליגל.

און גלייך נאָך איר, דעם העלן מאָרגן, גריסנדיק
וויגט אום שוואַן זיך אין דער לופט אַהין־צוריק,
ווי אַ קינד אין וויגל.

און אונטן, צווישן גראָז, ליגט אויסגעשפּרייט אַ טייך
און אין דער מאָרגן־זון איז ער פאַר קראָ און שוואַן צוגלייך
אַ גלאַנצנדיקער שפּיגל.

(ד)

ער האָט אַמאָל געוואוסט דעם אונטערשייד פון קרומען און אַ
גלייכן וועג,
געוואוסט האָט ער אויך, וואָס מען מעג
און וואָס מען טאָר נישט.

און איצט? עס זיינען אַלע וועגן קרום און גלייך,
און גייען אַלע נישט, ווי וועלן אַף אַ טייך
צום גאָרנישטיקן גאָרנישט?

פאַרליבט איז ער בלויז אין זיין ליד אליין,
כאָטש, ווי אַ רעגנטראָפּן אַף אַ האַרטן שטיין,
באַרירט עס קיינעם אַף אַ האָר נישט.

(ד)

ער האָט דאָס ווייכע בעט, זיין גוטע פרוי און היים פאַרלאָזט,
און ווי אַן אַלטער בעטלער מיט אַ לירע זיך אַוועקגעלאָזט
אַף ברייטע וועגן.

## אײנגנס

דער אויסגעשפּרייטער הימל איז געוואָרן זיין געצעלט,
זיין שפּייז — דאָס גראָז, און דאָ און דאָרט אַ שטיין אין פעלד
דעם קאָפּ אַוועקצולייגן.

און אַף זיין לירע שפּילט ער אומגעשטערט די פרייד און צער —
אַמאָל איז דאָס געווען צום גרויסן גאָט, זיין האַר.
און היינט צום ווינטל אַף די וועגן.

(ו)

זיין פרוי, אַן אויסגעבליכטע, מיט אַ וויג־קינד אַף די הענט,
האָט אַף אַ ראָג אים צווישן לײדיקגייערס היינט דערקענט,
און אים דערציילט פון זיינע קינדער.

אַ זקן, איינגעבויגן מיטן רוקן צו דער ערד,
וואָס האָט אַמאָל, אַמאָל זיין נאָמען וואו געהערט,
האָט אים גערופן : בלינדער.

אַ חכם האָט זיך אים אינמיטן וועג געשטעלט
און אים געזאָגט : — אַ פּאַסטוך לאָזט דאָך נישט אַליין אין פעלד
די שאָף און רינדער.

(ז)

אַ מוסר'ניק האָט היינט אַף אים אַ פּאָך געטאָן
מיט גאָר אַ שפּאָגל־נייער פּלאַטערדיקער פאָן,
גערעדט האָט ער פון גרויסן שפּעטער.

„דאָס לעבן איז אַ שפּיציק־הויכער באַרג" —
האָט ער געדונערט הויך און שטאַרק —
„און קלעטער ! קלעטער !"

ז. ווײַנפּער

און פּאַכנדיק אַף אים די פלאַטערדיקע פאָן,
האָט ער מיט ברויזנדיקן צאָרן אים אַ רוף געטאָן:
„פאַרעטער! דו פאַרעטער!"

(ח)

און ער האָט אַלעמען געהערט, געהערט
און הערנדיק האָט ער געקוקט אַף דר'ערד,
וואָס האָט געשמעקט מיט טוי און גראָזן.

דער טוי איז בלוי, דאָס גראָז איז גרין
און ביידע וויגן זיך אָן ציל, אָן זין:
האָט ער זיך אַף דער ערד אַראָפּגעלאָזן.

אַ קינד האָט פון אַ לאַנגן, דינעם שטרוי
געלאָזן אין דער לופטן גלאַט אַזוי
קאָלירנדיקע זייפנבלאָזן.

(ט)

די שווערע רייד, וואָס ער האָט היינט זיך אָנגעהערט,
יצעוואָקסן האָבן דאָ און דאָרט זיך פון דער ערד
אין שטעכנדיקע דערנער.

און צווישן זייפנבלאָזן, טוי און גרינעם גראָז,
האָט פלוצלונג אין אַ טאַנץ אַ ווילדן זיך געטאָן אַ לאָז
אַ שד מיט הערנער.

די זון האָט זיך אין מערב־זייט קאָלירנדיק צעברענט
און טוי און גראָזן האָבן זיך געמישט, געבלענדט
מיט שדים און מיט דערנער.

## אייגנס

(י)

און צו דעם מערב־זייט, צום זונפארגאַנג,
האָט פּלוצלינג זיך אַ הויב געטאָן זיין פול געזאַנג,
געזונגען האָבן אַלע זיינע גלידער: —

צום דאָרן און צום גראָז, צום שד און אויך צום טוי,
צום קינד דעם שיינעם מיט'ן לאַנגן דינעם שטרוי,
וואָס בלאָזט מיט זייפנבלאָזן ווידער, ווידער.

און איבער אַלץ און אַלעמען אַ ליד צו זיך אַליין —
אַט דורך געזאַנג און אַט דורך אַ געוויין, —
אַ ליד צו זיינע לידער.

## ז. ווײַנפּער

# פון ערגיץ ביז ערגיץ

די זעלבע אומענדלאָכקייט גרייכן מיר אַלע,
און ציטערט אַ קני אַף די וועגן, נו מאַלע! . . .

פון ערגיץ ביז ערגיץ פון פירער, געפירטע, —
און צווישן די ערגיצן — שפּילצייג קאָלירטע.

אַ שפּאַן, און דער ערגיץ ווערט נענטער,
דאָך שמייכלט דער באַרג פון דער זון אַ פאַרבלענדטער.

אַ טאָג מיט אַ נאַכט, און עס ווערט שוין אַ נעכטן,
אַף מאָרגן וועל איך זיך אַ טייבעלע שעכטן.

געבראָטענע טויבן אין מויל זיך צעגייען,
אַ בלעזל אין לופט הערט ניט אויף זיך צו דרייען.

אַ בלעזל, אַ גרעזל, אַ הינטל, אַ ווינטל,
אַ ברעקל, אַ פלעקל, אַ שטראַלנדיק פינטל.

אַ ליכט און אַ ליכט און חושך אינמיטן?
דער פירער וואָס פירט וועט באַשירמען, באַהיטן.

ער האָט אַ פּאָר אויגן, וואָס וואַכן און קוקן,
וועט ער ניט דערלאָזן די וועלף אונדז פאַרצוקן.

צוויי וואָלקנס, צוויי פייגל און צוויי עראָפּלאַנען,
אהינצו, אהערצו! פון וואַנען ביז וואַנען?

פון ערגיץ ביז ערגיץ, ווי מיר אַף די וועגן,
ביז ערגיץ וועט ערגיצן טרעפן אַנטקעגן.

# אַ באַלאַדע

## א

אַף גינגאָלדענע געשפּאַנען
יאָגט דער מאָרגן אַף די וועגן ;
מאָרגן איז ניט ווייט פון דאַנען
און מען איילט אים ניט אנטקעגן.

ווי אזוי זשע זאָל מען איילן,
אז דער רופער הינקט אַף קוליעס,
און דעם היינט אַף צו פאַרווײַלן
איז צו גאַסט די מלכה לילית.

לילית מיט איר לייב אנטבלויזטן,
טאַנצט, פאַרטאַנצט פון היינט די זאָרגן
און משיח קלאַפּט די פויסטן,
רופנדיק צום ווייטן מאָרגן.

„מאָרגן, מאָרגן !" — חוזקט לילית
מיט צעווילדעטן געלעכטער.
און משיח, בלייך און שטיל איז,
קרעכצט צו זיך בלויז : „גאָט גערעכטער !"

„היינט איז בלויז מיט אונז פאַראַנען !" —
חוזקט לילית אָן אַן אויפהער.
„מאָרגן איז ניט ווייט פון דאַנען !" —
כאָרכלט הייזעריק משיח'ס שופר.

## ז. ווײַנפּער

### ב

לילית טאַנצט אין פּילע שטיבער,
וואַלגערט זיך אױף פּילע שװיםן,
און משיח קוקט אַריבער
דורך די פענצטער פון׳ם דרויסן.

„היינט" און „מאָרגן" — אַלטע קריגער,
ווילן ניט דעם וועג אָפּטרעטן —
ווער וועט דאָ אַרוים דער זיגער?
ווער וועט וועמען דאָ דאָ צעטרעטן?

לילית טאַנצט דעם קאָפּ געהויבן,
כישופ׳ט יעדן מיט די בליקן
און משיח דורך די שויבן
הערט ניט אויף זיין רוף צו שיקן.

אינם ווילדן טאַנץ פון לילית,
צווישן פרעסער און די זויפער,
טופּען אום משיח׳ס קוליעס,
כאָרכלט אום דער רוף פון שופר.

### ג

די פון היינט פאַרטיילטע
האָבן זיך פאַרבאָרגן,
די פון היינט פאַרטיילטע
האָפן ניט אױף מאָרגן.

אין די קעלער־לעכער
זיינען זיי באהאַלטן,

### אייגנס

זעען ניט אף דעכער
מאָרגן דעם צעשטראַלטן.

און אַט יענע אין די זאַלן
באַ די לילית׳לאַך אין שויסן, —
יענע זיינען שוין פאַרפאַלן
פאַר דעם מאָרגן, פאַר דעם גרויסן!

ווער־זשע וועט מיט מיר צוזאַמען
איצט זיך לאָזן אף די וועגן?
ווער זשע וועט מיט מיר צוזאַמען
גיין דעם מאָרגן איצט אַנטקעגן?

בלויז אַ פּאָר געציילטע
זעען און דערהערן,
מיר, די אויסדערוויילטע,
וועלן שוין די שיין געבערן.

ד

אַט אַזוי ביי אַלע שוועלן
האָט זיין קול זיך אומגעטראָגן
ביז באַ אַלע תפיסה־צעלן
האָט דאָס מאָרגנליכט געשלאָגן.

איצט, אַז שוין דערשלאָגן,
איז די ווילדע לילית,
הינקען אָן פון אַלע ראָגן
משיחימלאַך אף קוליעס.

יעדער האָט אַ לילית
ערגיצוואו דערוואָרגן,

## ז. ווײַנפּער

אױן אױף זײַנע קוליעס
הינקט ער צו דעם מאָרגן.

טױטע אין די שטיבער,
טױטע אױף די װעגן,
הינקען זײ אַריבער
קוליעס זיך אַנטקעגן.

מאָרגן אױף די װעגן
יאָגט זיך אױף געשפּאַנען.
גײען אים אַנטקעגן
קאַליקעס פֿון דאַנען.

## פאַר הפקר־יונגען און הינט

די הפקר־יונגען און די האַוועקנדיקע הינט,
זיי זיינען אומפּאַרמיידלעך, ווי דער ווינט,
וואָס וואַרפט זיך חוצפה׳דיק אַנטקעגן
דעם דורכגייער אַף זיינע וועגן.

דער הפקר־יונג באַפאַלט מיך מיט אַ שטיין,
ניט האָבנדיק דערביי קיין מיין.
אָט גלאַט אַזוי, — עס ליגן שטיינער,
האָט ליב צו וואַרפן אַזאַ איינער.

אַ בייזער הונט באַפאַלט מיך אַפ׳ן גאַס,
ניט טראָגנדיק צו מיר קיין האַס.
אָט גלאַט אַזוי, — די קרומע ציינער
האָט ליב צו ווייזן אַזאַ איינער.

נאָר איך, וואָס האָב פאַר זיך אַ וועג צו גיין,
וועל אַפ׳ן מיטן וועג ניט בלייבן שטיין —
פאַר הפקר־יונגערישע שטיינער,
פאַר הינטיש־קריצנדיקע ציינער.

מיין הויט באַשיצט מיך פון׳ם חוצפה׳דיקן ווינט,
און פאַר די הפקר־יונגען און די הינט
וועט קלעקן
מיין סוקוואַטער שטעקן.

ז. ווײנפּער

## צום דיכטער מיט דער גענדזענער פּען

צעשטערט און צעבראָכן איז אַלץ, וואָס געווען ביז אַהער,
כאָטש נעם פֿונ׳ם ווינקל דעם בעזים און קער און פֿאַרקער.
דאָס נעכטיקע גאַנצקייט איז ברוכוואַרג אַצינד אַפּ׳ן מאַרק, —
קויפֿט קונים, — אַ פּעני אַ הויפֿן, אַ ניקל אַ באַרג!

עס ראַנגלט און לופֿט זיך דער אָפּהילך פֿון נעכטיקן ליד
און שטאַרבט אָפּ צוביסלאַך, ווי ווייטע דערווייטערטע טריט,
פֿאַרנעמט זשע דעם אָפּהילך, ווייל באַלד איז ניטאָ שוין אויך ער, —
איז שײנקייט פֿון נעכטיקן ליד שוין קיין שײנקייט ניט מער?

פֿאַרשעמט און פֿאַרלאָזט איז דער דיכטער מיט גענדזענער פּען,
אַזוי ווי ער וואָלט אויך אַליין אַ שטיק ברוכוואַרג געווען.
דער לאָרבערקראַנץ זיינער אַף דר׳ערד אונטער אייליקע פֿיס,
דער לאָרבערקראַנץ זיינער, ווי גאַל און פֿאַרוועלקט שוין ער איז!

און מיר, מיט די קוואַלפּענס פֿון ביין און פֿון גלאַנציקן גאָלד,
מיר וועלן, ווי ער, מיטן זעלבן אויך ווערן באַצאָלט.
דאָס גאַנצקייט פֿון נעכטן ווערט היינט דאָ יצעבראָכן, צעשטערט,
דער שײנקייט פֿון היינט איז אַף מאָרגן, דאָס זעלבע באַשערט.

אַ בעטלער האָט היינט באַ מיין פֿענצטער געזונגען, געשפּילט,
האָב איך, אין זיין זינגען און שפּילן, דערהערט און דערפֿילט
דאָס וויינען פֿון ברוכוואַרג, וואָס איז אַמאָל ערשט גאַנצקייט געווען,
דאָס שטילע געוויין פֿונ׳ם דיכטער מיט גענדזענער פּען.

# אייגנס

אַ דיכטער פון נעכטן, אַ דיכטער מיט פּען פון דער גאַנדז!
איך הויב אוף פון דר'ערד דיין פאַרוועלקטן, צעטראַטענעם קראַנץ.
און לייג אים מיט מיינעם, וואָס האָט זיך אָט ערשט היינט צעבליט,
דער טראָט פונ'ם היינט איז צום נעכטן מיט קייטן געשמידט.

עס פּאַקט שוין דער היינט צו דעם נעכטן די פּעקלאַך אין וועג,
דער מאָרגן וועט אויך, ווי דער היינט צו דעם נעכטן אַוועק.
עס ציטערט מיין גילדענע קוואַל־פּען אין האַנט אוף מיט צער —
אָט לעבט זי, און באַלד אַן אַנטיקל פאַר דעם אַנטיקוואַר!

ז. ווײַנפּער

# איכה

ווי אומעטיק עס איז די שטילע, אָוונטיקע שעה! —
די לאַכנדיקע פרייד האָט אויסגעלאַכט זיך ביז׳ן דנאָ
און איצטער ליגט די ליידיקייט צונויפגעדרייט
און היט דעם קבר פון דער פרייד.

די פרייד, וואָס האָט אָט דאָ אין טאָג־ליכט זיך צעבליט, —
געווען איז זי אַ שורה פון אַ ניט פאַרענדיקט ליד,
וואָס ערגיץ האָט אַ גוסס׳דיקער טרוימער, אַ פּאָעט
אַרויסגעמורמלט אַף זיין טויטן בעט.

און איצטער איז די שורה אויך שוין מער ניטאָ,
זיך אויפגעלייזט האָט זי אין דעם אַרומעדיקן גראָ.
דער אָוונט בויגט זיך צו דער שלאָפנדיקער פרייד און שפּרייט
אַריבער איר, די פאַלדן פון זיין גרויען קלייד.

# צו איך...

די ווערטער אייערע, ווי פייערצונגען אין דער הויך,
ציען זיך דורך שווערע וואָלקנס שטיקענדיקן רויך.
און יעדעס וואָרט וואָס פאַלט איצט אַף מיין האַרץ און קאָפּ,
אַביסל פון מיין האָב און גוטס ברענט אָפּ, —
אַ, גוטסקייט מיינע, היט מיך אָפּ!

עס דרייען פייערדיקע רייפן בליציק זיך פאַר מיר
און אין געדריי מישט אויס קאָליר זיך אין קאָליר.
אַזוי אַ מישן זיך קאָלירן אין אַ קאַכנדיקן טאָפּ,
אַזוי אַ ווישט איין פאַרב די צווייטע אָפּ, —
אַ, גוטסקייט מיינע, היט מיך אָפּ!

דער הימל האָט מיט רויט זיך אַ פאַרצי געטאָן,
עס שטייט מיין ביסל האָב און גוטס אין קאָן.
מיין האָב און גוטס — דאָס גוטסקייט, וואָס איך האָב.
אָט־אָט, און דער צעפלאַמטער הימל ווישט עס אָפּ, —
אַ, גוטסקייט מיינע, היט מיך אָפּ!

איך ווייס, עס ווײנט דער חלף אינ׳ם שוחט׳ס הענט,
ווען אונטער אים אַ לעבן ווערט פאַרלענדט.
דאָך ווען דער אָקס גייט אויס, פאַרוואַרפנדיק דעם קאָפּ,
און טוט זיך מיט די הערנער אין דער ערד אַ גראָב, —
אַ, גוטסקייט מיינע, היט מיך אָפּ!

שוין לאַנג, אַז איך האָב כורת ברית געווען מיט זיך אַליין
צו ענטפערן מיט גוטסקייט בלויז אַף יעדן שטיין,
און איצטער, ווען דער שטיין לאָזט שווערלאַך זיך אַראָפּ,
און צילט זיך צו מיין האַרץ און קאָפּ, —
אַ, גוטסקייט מיינע, היט מיך אָפּ!

## ז. ווײַנפּער

# דאָס אויג און קול פון גאָט

דוד בערגלסאָנ׳ען

א.

אינמיטן פון דער גרויסער, רווישנדיקער שטאָט,
דערפיל איך אָפט אַף זיך דאָס אויג פון גאט.
און ניט דאָס אויג פון בערדלדיקן קריסטוס־גאָט, —
אזעלעכע, ווי ער, באַגעגנט מען אַף יעדן טראָט,
אזא, ווי ער, בין איך דאָך היינט אַליין, —
קומט אַלע נויטבאַדערפטיקע צו מיר צוגיין!

ב.

אמאָל האָב איך געהערט גאָט׳ס קול אין אַ פאבריק,
גערעדט האָט עס צו מיר דורך האמער־קלאַפּ און וואַלצנוויג,
דורך דעם עלעקטרישן מאָטאָר און קוימענדיקן ברום,
דורך לעדער־פּאַס צעיאָגטן, זשומעדיקן זום.
פאר ווּעמען אָט דאָס קול געמיינט האָט גאָלד געקלאַנג,
פאר מיר איז קול פון גאָט געוועזן אין ראָד׳ס געזאַנג.

ג.

גאָטס אויג בייט אָפטמאָל דעם קאָליר,
גאָטס קול רעדט אַנדערש אַלע מאָל צו מיר.
זיין אויג, זיין קול אין טאָלן און אַף בערג,

אף שטילער גאַס, אף רוישנדיקע מערק.
ער האָט ווי איך אויך ליב דאָס שפּיל
פון ווינטל בלאָז און שטאָטיקן געבריל.

ד.

היינט פרי האָט ער ארייננעקוקט צו מיר דורך שויב
און פון געלעגער מיך געטאָן צו זיך א הויב.
פון אונטן האָט מיט דזשאזעדיקן ווילדן טראָט
געשפּאַנט א שכור'ע די רוישנדיקע שטאָט
און ניט געזען, ווי איבער איר איז אויסגעשפּרייט
גאָטס אויג מיט שטילער, שטראַלנדיקער פרייד.

ה.

און איצט איז ער אין ציטערדיקן שטראַל אף מיין דיל,
און איך קאָן בעטן אַלצדינג וואָס איך וויל,
נאָר וואָס זשע מערער וויל איך דען,
ווי אים צו הערן, פילן אים און זען?
נאָטס אויג, גאָטס קול מיט מיר איז דאָ
און גוט און וואויל איז מיר אין אָט דער שעה.

ז. ווײַנפּער

# סכנה

באַם שײדוועג אַף אַ שילד: —
„צוריק־צוריק! דאָ איז סכנה!“
און מיר — דער צענטער פּונ׳ם בילד
אין ווײַסן שײַן פון דער לבנה.

אַ פֿויגל זעגערט, ווי אַ זעג
באַם זײַט פון דער אַלײַע:
„מע מעג! מע מעג! מע מעג!
די נאַכט איז אַ קמעה!“

און מיר פאַר׳שכור׳טע און ווילד, —
אײנער פאַר׳ן צווײטן אַ מתנה!
מיר שפּאַנען פאַרבײַ שילד
דורך נאַכט און דורך סכנה.

## איינגנס

## צו דיך

בעלאַ׳ן

מילדע פרויען טריט אַף הארטן שטיין, —
וועמענס בליקן קוקן איצט דיך נאָך?
ווער עס זעט דיך, דער ווערט מילד אליין,
יום־טוב׳דיק ווערט אים די גרויע וואָך.

פרויען בליקן — זונשיין איבער שניי, —
וועמען ווארעמט איצט דיין אויגנשיין?
ווער עס פילט אַף זיך דעם בלענד פון זיי,
וועט אַף אייביק בלענדנדיק שוין זיין.

פרויען לייב — פאַר מאַן, ווי טוי פאַר גראָז, —
וועמענס פנים בלייכט זיך איצט פאַר דיר?
גראָז אין פעלד גייט אויס נאָך ווינטבלאָז
און דאָס ווינטל נאָכ׳ן גראָזיקן באריר.

בלויז דער איבערמענטש און גרויסער נאר
שרעקן זיך ניט פאַר געפאַר.

ז. ווײַנפּער

# דורות

אַף װעגן פֿון נעכטן צעטראָטן
באַשערט איז מיר איצטער צו טרעטן,
און טײג פֿון אַ האַנט שוין צעקנאָטן,
באַשערט איז מיר איצטער צו קנעטן.

איז װאָסזשע? איך בענטש אין מײַן האַרצן
די לאַנג שוין פֿאַרגאַנגענע דורות.
אַף נאַכטיקן װעג, אַף דעם שװאַרצן —
באַגילדטע, צעשײַנטע מנורות.

אין לױטערן שײַן פֿונ׳ם אַלטן,
דערזע איך דאָס נײַקײַט פֿאַרבאָרגן,
איך קלײַב אױף בלױז דאָס, װאָס באַהאַלטן
האָט נעכטיקער טאָג פֿאַר׳ן מאָרגן.

אַף װעגן פֿון דורות צעטראָטן
באַשערט איז מיר איצטער צו טרעטן,
בין איך דאָ ניט מער, װי אַ שאָטן
פֿון נעכטיקע ברידער פּאָעטן.

האָט נעכטיקער ברודער געלאָזן
אַן אמת נאָך ניט קײן אַנטפּלעקטן,
פּרואװ איך מיט די ליפּן צעבלאָזן
דעם שטױב איבער אים, דעם פֿאַרדעקטן.

צעקנאָטענעם טײג פֿון די דורות
צעקנעט און פֿאַרקנעט איך דאָ איבער,
אין שײַן פֿון באַגילדטע מנורות
צעשײַנט זיך מײַן שײַן דאָ בציבור.

## דו

וואָס דאַרף איך דען,
אַז איך זאָל דיך דערזען? —
אַ בליק איז ערשט אַ פֿאַל געטאָן אויף מיר,
האָב איך אין בליק דערפֿילט אַ גרוס פֿון דיר.
אַ ווינטל האָט אַ גלעט געטאָן מיך בײַ די האָר,
האָב איך דערפֿילט, ווי וואָר
עס איז געווען מײַן טאַטנס וואָרט,
אַז דו ביזט דאָ אויף יעדן אָרט.

אָ, דו, אודאי ביסטו דאָ!
און הענגט אַ שווערע איבער מיר די שעה,
טראָג איך געדולדיק אום איר שווער געוויכט, —
הלוואי זאָלסטו ניט אָפּקערן דײַן שײַנענדיק געזיכט
פֿון יעדן טראָט, וואָס איך וועל טאָן נאָך אויף מײַן וועג,
און לײַכטע וועלן ווערן אַלע מײַנע נעכט און טעג,
וואָס דו האָסט מיר באַשערט
אויף דר׳ערד.

ז. ווײַנפּער

## אימאָרטעל

דער זייגער אין מיין הויז
טוט יעדע שעה א שלאָג, —
א שעה איז דאָ, א שעה איז אויס,
א נייע שעה באַם ראָג.

דער האַרבסט פאַרבייט דאָס גרין אַף געל
אַף יעדן גראָז, אַף יעדן בוים, —
דאָס גרין איז אייביק אינ'ם געל,
כאָטש עס באַמערקט זיך קוים.

דער נעכטן שיינט אויף העל
אין ליכט פון היינט
און ביידע באַ מיין שוועל,
ווי גוטע פריינט.

אמאָל, — וואָלט וויטמאַן, פּרץ, פרוג,
יהואש, ראָזענפעלד, שעקספּיר, —
צי ריידן זיי אויך איצט ניט קלוג
דורך אים און דיר און מיר?

א שעה, א שעה געבערט,
די שעה איז אימאָרטעל, —
דעם נעכטנס טראָט זיך הערט
אויך היינט דאָ באַ מיין שוועל.

# אוי, מיידעלע!

חיה'לע לאַפּינ'ס
ליבטיקן אָנדיינקן
געהייליקט.

דאָס ליבטיקע מיידעלע מיט אויגלאַך האַלב אָפן, —
ווער לאָזט ניט דעם ליבטיקן מיידעלע שלאָפן?
צוויי ליכטלאַך צעפלאַמטע מיט הייליקן שימער,
די מאַמע אַריין און אַרום פונ'ם צימער:
אוי מיידעלע!

דאָס ליבטיקע מיידעלע מיט ליפּלאַך פאַרקילטע,
דורך אָפענע טירן אין שאָטנס געהילטע,
מען גייט און מען קומט, ווי פון ווינטן געטראָגן
און וואָס איז צו ריידן? און וואָס איז צו זאָגן?
אוי מיידעלע!

אין ווינקל דער טאַטע אין דרייען געבויגן
מיט פינגער פאַרשטאַרטע אַרום זיינע אויגן.
די מאַמע, דער טאַטע, — זייט שטילער, זייט שטילער!
דאָס קינד אינ'ם בעטל ווערט קילער, ווערט קילער:
אוי מיידעלע!

אַן אייזקאַלטער רייטער פון ווייטן, פון ווייטן
געקומען אַהער איז אַף שטורעם צו רייטן.
דער רייטער געריטן, געריטן, געקומען
און ליבטיקן קינד אין די אָרעמס גענומען.
אוי מיידעלע!

ז. ווײַנפּער

## אונזערע שפּראַצן

אידישע דיכטער באַ אַלעמענס ברעגן.
ווער באַ דער ווײַכסל, און ווער באַ דעם האָדסן.
אונטער דעם שניי און דעם האָגל און רעגן
וואַקסן צום הימל צובליטע אַנטקעגן
אונזערע שפּראַצן.

אונזערע אויגן יצו זוניקע הויכן,
אונזערע הענט באַ דעם רידל, ביים אַקער.
דורך די פּאַרשידנקאָלירישע רויכן
אין אונזער פלאַקער.

פלאַקער־זשע, פלאַקער־זשע העלער, מײַן פײַער,
דו אונזער אײנציקער צייכן אַנטקעגן!
וואָס נישט דערוואַקסן, דערוואַקסן וועט היי־יאָר,
מערן וועט זיך אינם אייגענעם שייער
אונזער פאַרמעגן.

ווער באַ דער נעווע, און ווער באַ דער טוריע,
איך זינג מײַן ליד באַ דעם פּליסיקן האָדסן.
פון דער כנרת און די חמי־טבריה
ביז צו די טייכן פון ווייטן מאַנדזשוריע
אונזערע שפּראַצן.

# אַ טאָג איבער נויאָרק

אַ יונג מיט בלויע אויגן און מיט בלאָנדע קוטשעראַווע האָר,
וואָס טראָגט נאָך גרינג אַף זיך די דורכגעלעבטע יאָר,
איז היינט ארויס אַף גאסן פון נויאָרק מיט טאַנצנדיקע טריט.
דער אָטעם פון דער שטאָט האָט זיך געוואָרגן צווישן אייזן
און גראַניט.
אָט האָט ער זיך צעקרעכצט, ווי אינ׳ם ים אַן אויפגעפּוישטער וואַל
און אָט צעצאַפּלט זיך, ווי חיות פון אַ פּלוצלונגדיקן איבערפאַל.
געדאַכט האָט זיך דעם יונג, אַז נאָענט ארום אים, גייט אַן אַ שלאַכט,
עס קעמפן ריזן צווישן זיך, פאַר הערשאַפט און פאַר מאַכט.
און ער, וואָס איז, אָט ערשט ארויס פון הויז, מיט טאַנצנדיקע טריט,
איז צווישן באַמבע־וואַרפערס דאָ, אַ צילבערעט אין דער מיט.
אַף טורעמס און אַף פענצטער האָט די זון געציטערט מיט
איר שיין —
אוי, ווער וועט וועמען אין דער גרויסער שלאַכט דאָ מנצח זיין?

נאָר אָט זעצט ער זיך אַף אַ באַנק אינמטין ברייטן און באַבוימטן
סקווער,
וואָס האָט געגלאַנצט מיט זון. דער ליאַרים האָט דערגרייכט אַהער
בלויז, ווי אַ דורכגעזיפּטער עכאָ פון אַ טומלדיקער ווייט.
אַ כאַפּטע יונגוואַרג האָט זיך אומגעיאָגט מיט פּנים׳לאַך פאַרשייט,—
ווער שלאַכט! וואָס שלאַכט! — דאָס טאַנצט דער
מוסקוליאַרנער גאָט
זיין אימפּעטיקן טאַנץ אַף עוועניוס און גאַסן פון דער שטאָט.
אָט דזשיגעט ער צום ברויז פון דזשאַז. אָט וויגט ער אום זיך
אין אַ וואַלץ.

און טאַנצנדיק, וואַרפט ער מיט געטלאַכקייט אַף אַלעמען
און אַלץ: —
די שאָטנס פֿאַר די געסלאַך און דעם זונשײַן פֿאַר׳ן סקווער,
דעם אימפּעט פֿאַר די מענטשעלאַך, וואָס אײַלן הין און הער,
דעם טומל פֿאַר די אויטאָס, טראַמווייס, סאָבוועיס, און דעם על,
די איינזאַמקייט פֿאַר בעטלער, וואָס שנאָרכעט אַף אַ פרעמדער
שוועל.

געוואָרן איז דאָס האַרץ פֿון יונג, ווי פֿידל אונטער סמיק,
צעצאַפּלט האָט עס זיך פֿון יעדן פרעמדנס אַ באַריר און בליק.
די בליקן און באַרירן! — ווי לײַכטע ווינטלאַך יאָגן זיי פאַרביי, —
וועט איינער כאָטש פֿון זיי זיך אומקערן צו אים אויפסניי?
אַ טראָט קלינגט אוף, דער טראָט פאַרביי און באַלד נאָך אים
אַן אַנדער טראָט,
אַזויאָ וועט זיך אײביק אומטרײַבן דער אימפּעט פֿון דער שטאָט.
און ווי אַזוי איז דאָס געשען, וואָס ער איז ווידער אַף די פיס?
דער אימפּעט האָט אים פלוצלונג פֿון דער באַנק געטאָן אַ ריס
און ווידער עוועניוס און גאַסן, אײַזנשטאַנגען און גראַניט.
דער טומל וויגט זיך. וואַרגט זיך, נאָר ער אַרט אים מער שוין ניט
ער איז אַ שפּילצייג איצט פֿון מוסקוליאַרנעם טאַנצנדיקן גאָט,
וואָס שאַרט אים אום מיט זײַן צעוויגטן טראָט אַף גאַסן
פֿון דער שטאָט.

אַף פייערלײַטערס הענגען פרויען אוים דאָס וועש און אונטערוועש,
און אַף די טראָטואַרן, וועגעלאַך מיט ברוכוואַרג — זילבער,
קופּער, מעש,
אַ קטורות־לעמפּל פֿון אַ קלויסטער און אַ מנורה פֿון אַ שול
צוזאַמען זײַט בײַ זײַט,
אַ ניגער דזשיגעט פריילאַך אוים אַ טענצל אַפּ׳ן מיטן גאַס
פאַרשײַט: —
„אַ מאַן איז ווי אין וואַלד דער יעגער! אַ פרוי איז ווי אין
פעלד דער האָז!“...

# אייגנס

און זינגענדיק צעפּלעצלט זיך אַף אים זיין ברוינע, גלאַנצנדיקע נאָז.
אַ ברוינער, וואָנצלדיקער איטאַליענער באַ אַ שטופּ־וועגעלע מיט פיש
צעבייזערט זיך אויף עמיצן: — „אַ סעניאָריטאַ,
יו נאָ אינגעליש קאַביש?"
אַ כאַפּטע קינדער שפּילן „דיים" און אין די אַפּפּאַל־קענדלאַך
רויען זיך די קעץ
אַ שווייגנדיקער קערט דער גאַסנקערער מיט זיין בעזעם
אין קאַנאַל אריין די נעץ.
די לופט איז אָנגעפּילט מיט זויער־ראָסל, גרינצייג און מיט פרוכט,
אַ שכור שלעפּט זיך אום אַ וואַקלענדיקער, רעדט צו זיך און פלוכט.

און אָט איז אָרטשאַרד סטריט. ער בלייבט אַ רגע צוגעשמידט
צום אָרט, —
אַ זקן מיט צוויי פּאות און אַ ברייטע לאַנגע ווייסע באָרד, —
אַזויאָ קוקט זיין זיידע אוים אַף וואַנט אין גאָלדן ראַמל
איינגעראַמט, —
די בליקן וואַרעמע, די ברייטע לאַנגע ווייסע באָרד צעקאַמט,
אַ רגע פילט ער, ווי אַ פרעג טאָן: — זיידעשי, ווי קומט איר
דאָס אהער?
נאָר אָט צעשאָקלט זיך דער זקן באַ זיין וועגעלע מיט פרוכט
אהין, אַ הער
און שאָקלנדיק צעזינגט ער זיך מיט דאַוונדיקן קול: —
„פרוכטן פרישינקע פארזוכט!"
האָט ער באַם זקן פאַר'ן לעצטן געלט געקויפט פאַר זיך אַ פרוכט.
און קויפנדיק אַ וויצל זיך געטאָן: — ווען ווערן מיר פון גלות
אויסגעלייזט?
נאָר, ווען דער זקן האָט זיך שטיל באַקלאָגט: —
„נאָך גאָר קיין געלט היינט ניט געלייזט".
האָט ער פאַרגעסן אָן דער פרוכט אין האַנט,
און וויטער זיך צעשפּאַנט
ביז אַף אַן אַנדער גאַס האָט אים אַ טרעמפּ אָן איר דערמאָנט.

## ז. ווײַנפּער

— אַ יונג אַזאַ... כע־כע... מיט באָר אין האַנט גייט אום פּאַרטראַכט...
האָט ער אַ קול דערהערט, און באַלד האָט זיך דאָס קול צעלאַכט
און דאָס געלעכטערל האָט זיך אַ שאָט געטאָן, ווי האַגל
אויף זיין לייב: —
— אַ יונג אַזאַ... כע־כע... מסתמא צרות פון דער ווייב...
נאָר פּלוצלונג האָט דער טרעמפּ פאַר אים זיך טיף פאַרנויגט: —
— איך ווייס מיין האַר... איך האָב אַמאָל צו בעסערס
אויך געטויגט...
געהאַט אַ ווייב... אַ קינד... אַ היים... און איבער קאָפּ אַ דאַך... —
פון אויבן האָט זיך אָנגעיאָגט דער על מיט אַזאַ דונערדיקן קראַך
און אַ פאַרשלונג געטאָן אין זיך די שטילע רייד פון טרעמפּ.
אַ רגע האָט דער יונג געקוקט אויף אים מיט פּנים קאַלט און טעמפּ,
נאָר אַז ער האָט דערהערט פון אים אויפסניי: — מיין האַר,
מיין האַר,
האָט ער אויף גיך אַריינגעלייגט צו אים אין האַנט אַריין די באָר.

דער מוסקולי‌אַרנער גאַט האָט נאָך זיין אימפּעט איבער
שטאָט ניט אויסגעטאַנצט,
די פיס, ווי פון מאָטאָרן אומגעטריבן, דער קאָפּ באַקראַנצט
מיט אייזנשטאַנגען, עלעקטריק־לעמפּלאַך, שטיינער און צעמענט
און ער, דער יונג, וואָס האָט געשפּאַנט איצט אָן דער באָר
אין זיינע הענט
האָט צו דעם גאַט פון שטאָט דעם אומרו פון זיין בלוט אַרויפגעשיקט.
דער טאָג האָט זיך גערוקט. דער ליאַרעם האָט נאָך שווערער
זיך צעוויגט
אויף עווענוס און גאַסן צווישן שווערע שטיינערדיקע ווענט.
אַ ברודער האָט אין אימפּעטיק געיעג זיין ברודער ניט דערקענט.
ווי כוואַליעס רויך פון קוימענס אויסגעשפּיגענע צום
אונטערגאַנג פון טאָג,
צעכוואַליעט האָט די מענטשנמאַסע זיך אויף יעדן גאַס און ראָג.
אויף פייערלייטערס און צעהאַנגען אונטערוועש האָט זיך
די זון געזעצט,

# איינגם

נאָר אױף די טורעם־שפּיצן האָט איר גאָלד ניט אױסגעברענט
נאָך ביז צום לעצט.

און װי אַזױ איז דאָס דער יונג ארײַנגעפאַלן אױף אַן עװעניו
פון פּוסט און פּאַס?

די עװעניו האָט, װי אַן אױסגעפּוצטע, צולאָזענע מערשעת
אַ יצי געטאָן צו אים די הענט.
אױף טורעמשפּיצן האָט די זון נאָך אומגעבלענדט
און אױפגעװעקט אין אים אַ שאַרפן, ברױזנדיקן רוף
װאָס האָט אַ דורשטיקער צעװעקט זיך אין זײַן גוף,
האָט ער צוזאַמען מיטן פּוסט און פּאַס
געלאָזט זיך גײן באַם זײַט פון דער מרשעת:.
— מײַן הארנטע — האָט ער הכנעה׳דיק אין איר
אנטבלױזטן אױערל געזאָגט:

— מײַן הארנטע:, אַ גאַנצן טאָג, אַז איבער אָט די רױשנדיקע
גאַסן טראָגט

דײַן קנעכט ארום פאַר דײַנעט װעגן זײַן געזונטן גוף
און קוטשעראָװע האָר,

האָט זי זיך פרעך צעלאַכט און בײז אַ קוק געטאָן אױף אים: —
דאָס גאָר?

דאָס גאָר? דאָס גאָר? דאָס גאָר? געלאַכט האָט יעדער אײנער
פון׳ם פּוסט און פּאַס

און ער, דער יונג? — אָ פרעכע, אָנגעפּודערטע, צעלאָזענע מרשעת,
װאָס האָסטו צום געזונטן יונג מיט קוטשעראָװע האָר געטאָן?
גאַנצפרי האָט ער די קלײדער זײַנע, זינגנדיק זיך אָנגעטאָן —
די שיך פאַרשנורעװעט, זיך אױסגעבונדן גלאַט און נעט דעם שניפּס,
געריפּן פון׳ם העלן מאָרגנס פּיפּידיקן פּיפּס
האָט ער דורך גאַסן זיך געלאָזט, װי אַ טענצער צו אַ טאַנץ.
זײַן אױסקוק איז געװען אַ פרײדיק בלאַט צום גרױסן קראַנץ

## ז. ווייַנפּער

פֿון מוסקוליאַרנעם טאַנצנדיקן גאַט אַריבער טורעמס פֿון דער שטאָט,
און איצט ?... אַזוי־אַ גראַבלט זיך אין אונטערערדישקייט דער קראָט,
אַזויאָ צאַפּלט זיך אַ מענטש געטראָפֿן פֿון אַ הפקר־יונגס אַ שטיין,
אַזויאָ גוסס'ט דאָך די זון, וואָס האַלט שוין באַ דעם אונטערגיין.

דער גאַנג האָט ברייט געמאַכט אַף זיינע מידע פֿיס, די שיך.
דער אָוונט האָט אים אָנגעטראָפֿן אַף אַ געסל, ריידנדיק צו זיך.
ווי עפּל איבערצייטיקטע, וואָס פֿאַלן צו דער ערד פֿון צווייַג,
ווי פֿייגל פֿון אַ פּלוצלינג אויפֿגעפּראַלטער שטייַג,
געפֿאַלן און געהויבן האָבן זיינע ווערטער זיך פֿון צונג.
עס האָבן מענטשן אים באַטראַכט, נאָר ניט געאַרט האָט עס דעם יונג.
געשפּאַנט האָט ער מיט ראַשע טריט אַ שכור'ער פֿון פּיין,
פֿון פֿענצטער און פֿון ווענט האָט זון שוין אָפּגעטאָן דאָס
לעצטע ביסל שיין.
און מיט קאַלירנדיקע אויגן האָט דער אָוונט אומעטום
שוין אויפֿגעבליט
און הייס די מידע טריט פֿון יונג געברענט, געבריט,
און איבער טורעם־שפּיצן פֿון דער אָוונטדיקער שטאָט
האָט אַלץ צעטאַנצט זיך צו דעם מוסקוליאַרנעם גאַט.

# אַ מיליאָן מיט דריי פערטל

פּערזאָנען:

| | |
|---|---|
| עלטערער | מאַלערין |
| יונגערער | לץ |
| קריטיקער | אָפּטימיסט |

קיבעצאַרניע. אין אַ ווינקל באַ אַ טישל זיצט דער לץ און רויכערט אַ לולקע. באַ אַן אַנדער טישל זיצן צוויי שריפט־שטעלער, — אַן עלטערער און אַ יונגערער און שפּילן אין שאַך, אַנטקעגן זיצט אַ יונגע מאַלערין מיט אַ קריטיקער זי רויכערט מיט אַ לאַנגווייליקער מינע אַ סיגאַרעטל, באַ דער קאַסע לעבן אַריינגאַנג זיצט די באַלעבאָסטע אַ שלעפעריקע און געניצט.

ציים — ווען איר ווילט.

## עלטערער שריפטשטעלער

(ווען דער יונגערער האָט חרטה אַף אַ גאַנג.)

אַ מענטש גייט אַ גאַנג, און עס וואַקלט אַ שכור.

## יונגערער שריפטשטעלער

(איז מסכים.)

אַ גאַנג מיינט פאַראויס גיין און ניט קיין צוריקער.

## קריטיקער

(צו דער מאַלערין.)

אין קונסט איז דאָס לעבן דער עיקר.

## מאַלערין

(לאָזט פויל אַרויס אַ רינגעלע רויך.)

דער זין פונ׳ם לעבן איז אַף דעם בית־עולם.

## לץ

(מיט דער כונה צו פאַראינטריגירן דער מאַלערין.)

דער חכם איז היינטיקע צייטן, דער גולם.

## ז. וויינפער

### מאַלערין

(צום קינסטלער אַפּ׳ן חשבון פונ׳ם לץ).

דאָס לעצ׳ל! איך קאָן שוין פון לאַנג אָט דאָס לעצ׳ל!
עס קיצלט און בייסט, ווי אַ קרעצל,
אונטער דעם אָרעם.

### עלטערער שריפטשטעלער

(גייענדיק אַ גאַנג.)

אַ מענטש גייט אַ גאַנג, און עס פּויזעט דער וואָרעם.

### קריטיקער

אַפּ׳ן חשבון פון לץ.)

אַ מענטש איז געגאַנגען, געגאַנגען,
און איז צו דעם אָפּגרונד דערגאַנגען,
יצו וואָס איז אַזאַ געגליכן?

### יונגערער שריפטשטעלער

(אויפגערעגט.)

נו גייט שוין! צו וואָס זשע דאָס קריכן?
אַ גאַנג מיינט פּאַראויסגיין און ניט קיין צוריקער!

### עלטערער שריפטשטעלער

(איז מסכים.)

אַ גאַנג איז... אַ... עס וואַקלט דער שכור.

### קריטיקער

אין קונסט איז פּאַראויסגיין, דער עיקר!

### באַלעבאָסטע

(טוט אַ גענעץ.)

האַ־אַ־אַ־האַ!

### עלטערער שריפטשטעלער

(אופגערעגט.)

ששששאַ־אַ־ששששאַ־אַ!

### אָפּטימיסט

(פאַלט אַריין מיט אַ ציטונג אין האַנט.)

אור־וואַ־אַ־אַ־אַ!

## אייגנם

עלטערער שריפטשטעלער

(געשטערט.)

וואָס איז דאָ, א טאָרג ?

אָפּטימיסט

(גליקלאַך.)

אַט איז די סטאַטיסטיק ! דער איד אין נויאָרק
א גאַנצער מיליאָן מיט דריי פערטל.

קריטיקער

(צופרידן.)

דער איד אין נויאָרק, — ס׳אַרא ווערטל !

לץ

(בייסיק.)

א שפּריץ אינ׳ם ים פון א קווערטל !
עס פלוישקעט זיך אום און פאַרמישט זיך.
עס פליושקעט זיך אום און פאַרווישט זיך.
כאַ־כאַ ! א מיליאָן מיט דריי פערטל !

אָפּטימיסט

(זעצט זיך אַנטקעגן אים.)

און דו האָסט פאַר אַלצדניג א ווערטל !

באַלעבאָסטע

(געניצט.)

האַ־אַ־אַ־האַ !

עלטערער שריפטשטעלער

(אויפגערעגט.)

שששאַ־אַ־שששאַ !

לץ

(שפּאַסיק.)

ניט שטערט די האַרמאָניע פון גענייץ !

אָפּטימיסט

(צום לץ.)

נו, אַלץ מוז דאָך האָבן א גרעניץ !

ז. ווײנפער

(צו דער באַלעבאָסטע.)
אַ שטיקעלע קוכן, און טײ.

לץ

נו, מאַכט עס שוין צװײ!
(די באַלעבאָסטע גײט אַ געניצדיקע אָפּ אין קיך.)

עלטערער שריפטשטעלער

(דרײט אױם דעם קאָפּ.)
צוליב אײער טומל פאַרליר איך אַ צוג.

לץ

(צום אָפּטימיסט אַפ׳ן חשבון פון עלטערן שריפטשטעלער.)
זײן פּעליטאָן אין הײנטיקן דרוק
איז אױך אַ פאַרלױרענער צוג.

אָפּטימיסט

(לאַכנדיק.)
גענוג שוין, גענוג!

מאַלערין

(צום קריטיקער אַפ׳ן חשבון פון לץ.)
װי בײסיק ער איז, און װי קלוג.

קריטיקער

אין קונסט איז די חכמה דער עיקר.

לץ

(פאַרחלומ׳ט.)
אָט איצטער אַ גלעזעלע ליקער
געװען װאָלט ניט שלעכט.

עלטערער שריפטשטעלער

(באַם שאַך.)
אַף מיר אַזאַ יאָר, װי גערעכט!
(די באַלעבאָסטע ברענגט צו צװײ גלעזער טײ מיט קוכן און זעצט זיך אַװעק אױף איר אָרט.)

## אייגנם

אָפּטימיסט

(מישט מיט'ן לעפעלע און קוקט מיט שיינענדיקע אויגן אין דער ציימונג.)

דאָס אידישע פאָלק, — ס'אַרא ווערטל!
אַ גאַנצער מיליאָן מיט דריי פערטל,
מיט אייגנס גאַנץ היבש, גאָר פאַרמעגלאַך.
פינף אידישע צייטונגען טעגלאַך.
פאַר אינטעליגענץ, און די מאַסן.
טעאַטער און קינאָס אַף גאַסן
פון בראָנזוויל, און בראַנקס, און מאַנהעטן.

לץ

(שלאָגט אים שפּאַסיק איבער.)

זינגט, זינגט מיינע אידישע ברידער פּאָעטן!
גייט אוף אין אַ יובל פּראָצעסיע,
און אויפקלינגען זאָל אייער וואָרט דאָ בפרהסיה,
ווי קינדער געשריי, וואָס מען פּאַטשט אין געזעסלאַך,
ווי קעצישער מיאו אַרום אשיקע פעסלאַך!

באַלעבאָסטע

(געניצט.)

האַ־אַ־אַ־האַ!

עלטערער שריפטשטעלער

ששששאַ־אַ־ששששאַ־אַ!
איר שטערט דאָך דאָס שפּילן.

אָפּטימיסט

און אַז עס וועט אויפגיין דער ווילן
פון גאַנצן מיליאָן מיט דריי פערטל.

לץ

אַ קראָט פון אונטערערדישן ערטל
הויבט אויך אוף אַ בערגעלע ערד איבער זיך
און קומען די פיס אין געקאָוועטע שיך
און טרעטן, צוטרעטן, פאַרטרעטן.

## ז. ווײַנפּער

**אָפּטימיסט**

(שלאָגט אים איבער.)
זינגט, זינגט מײַנע אידישע ברידער פּאָעטן!
צעווײַעט די פאָנען, הויבט אויף די פּלאַקאַטן
דער זון וועט די פּוסטריט פון מאַמען און טאַטן
ניט לאָזן פאַרמעקן!

**לץ**

ניט מעקן, נאָר ווײַט איבערדעקן.

**אָפּטימיסט**

(אויפגערעגט.)
אַ גאַנצן מיליאָן מיט דרײַ פערטל
איז דאָך ניט קיין שפּריץ אינ'ם ים פון אַ קווערטל,

**מאַלערין**

(צום קריטיקער אויפ'ן חשבון פון אָפּטימיסט.)
זײַן פּנים באַשײַנט איז מיט גלויבן!

**קריטיקער**

אַ קונסטווערק וועט דיך בלויז דערהויבן,
ווען אונטער דעם גײט אויף דער גלויבן,
ווי זוניקער אויפגאַנג, מיט פלאַקער.

**לץ**

(טרויעריק.)
צי זעט דען דער פּויער אין פעלד בײַ דעם אַקער
דעם זונבלענד אַף אַקערשן שאַרף?
ער טוט מיט זײַן בליק איבער פעלד אַ פאַרוואַרף
און שנײַדנדיק טיף מיט'ן אַקער די ערד
פאַרגעסט ער, אַז אונטן אַ קראָט ווערט פאַרצערט.

**אָפּטימיסט**

(פּראָטעסטירט.)
אַ מיליאָן מיט דרײַ פערטל,
איז דאָך ניט קיין ווערטל!

# איינגנס

## לץ

(עקשנות'דיק.)
א קראָט אין אונטערערדישן ערטל
פאַרוויגט זיך דאָרט אויף מיט א צערטל,
אז מיט זיין עקשנות'דיק רויען
וועט ער זיך די אייביקייט בויען.

## מאַלערין

(אויפ'ן חשבון פון לץ.)
ס'אַרא ביטערער מענטש, אָט דער איז!

## קריטיקער

(פילאָזאָפיש.)
א מענטש האָט צום הימל געטאָן זיך א ריס
און איז אינ'ם אָפגרונט געבליבן.

## מאַלערין

(צערטליך.)
מיר דאַכט אז איך וועל אין אים זיך פאַרליבן.

## באַלעבאָסטע

(געניצט.)
האַ־אַ־אַ־האַ!

## עלטערער שריפטשטעלער

(בייז.)
שששאַ־אַ־שששאַ־אַ!
איר שטערט דאָך דאָס שפילן.

## אָפטימיסט

(פאַרטיפט אין דער צייטונג.)
און אז עס וועט אויפגיין דער ווילן!

## יונגערער שריפטשטעלער

(זינגענדיק.)
א פויער האָט קינדער, וואָס שרייען נאָך ברויט, —
וואָס אַרט עס דעם פויער, א חיה'לעם טויט!

## ז. ווייספּער

**אָפּטימיסט**

(פאַרצווייפלט.)

א מיליאָן מיט דריי פּערטל!

**לץ**

(קאַלטבלוטיק.)

וויל אפשר גאָר עמיצער כאַפּן א קערטל?

**מאַלערין**

(פאַראינטריגירט.)

א פּינאַקל, פּויקער, צי אפשר גאָר באַנק?

**לץ**

(באַגייסטערט.)

דאָס לעצטע! א וואוילער געדאַנק!

**מאַלערין**

(פרייליך.)

אַרוים אַפ׳ן טיש מיט פאַרמעגן.

**לץ**

איך שטעל איין דעם שטויב פון די וועגן.

**מאַלערין**

(קאָקעטיש.)

איך האָב פיינט מיט שטויב זיך צו שפּילן.

**לץ**

(מעלאָדראַמאַטיש)

דער שטויב וועט אונז אַלע פאַרהילן!

**מאַלערין**

נו גוט. איר מיט׳ן שטויב און איך מיט מיין טרויער.

**קריטיקער**

די קונסט איז ברייטער צועפנטער טויער...

**באַלעבאַסטע**

(שלאָגט אים איבער מיט א געניץ.)

האַ־אַ־אַ־האַ!

# איינגנם

עלטערער שריפטשטעלער

(בייז.)

ששששא־א־ששששא־א!

לץ

(גייט צו צום טישל פון דער מאַלערין און נעמט אַרויס אַ טעשל קאַרטן.)

אַ קערטל, איז אַ קערטל!

אָפּטימיסט

(פּאַרטיפּט אין זיין ציטונג עקשנות'דיק.)

אַ מיליאָן מיט דריי פּערטל!

# אַמאָל און אַמאָל

פּערזאָנען:

| | |
|---|---|
| שרה | שלום |
| שוירלי | היינט |
| רוט | אמאָל |
| יהודית | מאָרגן |
| פייגל | לערער |
| משה | קינדער |

אַ שפּילצימער אין אַ שול. אין איין ווינקל אַ פּיאַנע און אין די אַנדערע ווינקלען טישלאַך מיט שפּילצייג. קינדער פון צען און עלף יאָריקן עלטער. אָוונט. דאָס צימער איז העל באַלויכטן.

**פייגל:**

(באַ דער פּיאַנע זינגט)

אַמאָל און אַמאָל,
כאַ־כאַ ! און כאָ ! כאָ !
אַ פערד אינ׳ם טאָל,
וויאַ־וויאַ ! און וויאָ־וויאָ !

**שרה:**

(וואָס שפּילט שאַך) הער אויף זינגען פייגל, דו שטערסט מיר !

**פייגל:**

דאָס צימער איז נישט בלויז פאַר דיינעט וועגן !

**שוירלי:**

(וואָס זיצט אַף אַ בענקל און שרייבט עפּעס אין אַ בוך)
איצט איז נישט קיין צייט פאַר פּראָבע שפּילן !

## אייגנם

**פייגל:**

וואָס איז, האָסט נישט געקאָנט מאַכן דיין היים ארבעט אין דר'היים?

**שוירלי:**

(הויבט זיך אויף מיט כעס) ביסט אַ שלעכטע! (גייט אַרוים)

**שלום:**

(וואָס שפּילט שאָך מיט שרה'ן) אָ, איך האָב שוין ווידער געמאַכט אַ טעות! (וואַרפנדיק אַ בייזן בליק אַף פייגלען) און אַלץ איבער דיר!

**פייגל:**

(מיט אַ בייזן טאָן)

א פּערדעלע, לויף!
וויאָ־וויאָ! און וויאָ!
צום בערגל אַרויף,
כאָ־כאָ! און כאָ־כאָ!

**שרה:**

(מיט אַ וואָרף דעם שאָך) עס איז אוממעגלאַך צו שפּילן.

**פייגל:**

(הויבט זיך ראַשיק אוף פון דער פּיאַנע) אָ, איר מאַכט מיך קראַנק. (זעצט זיך אַוועק ברוגז אַף אַ בענקל) מען קאָן קיינמאָל דאָ נישט טאָן, וואָס... מען וויל.

**שלום:**

(צו שרה'ן) קום, לאָמיר ענדיקן די שפּיל.

**שרה:**

איך וויל נישט.

**שלום:**

ביסט אַ פייגלינג, דו האָסט מורא, אַז דו וועסט פאַרשפּילן.

**פייגל:**

אַז זי קאָן נישט שפּילן, זאָגט זי, אַז איך שטער איר!

## ז. ווייספער

**רוט:**

(לעגט אַוועק אַ שפּילצייג) עך, איך בין שוין מיד זיך צו שפּילן מיט אַט די נאַרישקייטן!

**יהודית:**

(וואָס שפּילט זיך באַ אַן אַנדער טישל) קום אהער רוט, וועלן מיר זיך שפּילן צוזאַמען.

**רוט:**

(קרימט זיך) אָ, מיר ווילט זיך שוין היינט נישט שפּילן מיט אָט די נאַרישקייטן. דאָס זיינען גוט פאַר די קליינע קינדער.

**פייגל:**

(וואָס זיצט באַ דער פּיאַנאָ) וואָסזשע, דו ביסט שוין אַזאַ גרויס מיידל?

**רוט:**

(שטאָלץ) איך בין שוין צען יאָר אַלט.

**יהודית:**

און איך בין שוין צען יאָר מיט דריי חדשים.

**משה:**

אַ וואַזשנע זאַך! איך בין שוין גאַנצע עלף יאָר אַלט.

**פייגל:**

נו, וואָסזשע מיינט איר? פאַר אונז וואָלטן שוין דאָ טאָקע געדאַרפט זיין ערנסטע שפּילערייען.

**יהודית:**

אָ, מיר האָבן גענוג ערנסטע זאַכן אין קלאַס!

**רוט:**

וואָס האָבן מיר היינט אין קלאַס?

**משה:**

וואָסזשע, ביסט נעכטן נישט געווען אין שול?

**רוט:**

מיין מאַמע איז געווען קראַנק, האָט זי מיך געדאַרפט אין דער היים.

# אייגנס

**יהודית:**

היינט האָבן מיר געשיכטע.

**רוט:**

(קרימט זיך) ווידער געשיכטע.

**פייגל:**

און איך האָב דוקא ליב געשיכטע.

**רוט:**

(קרימט זיך) איך בין שוין מיד פון געשיכטע.

**יהודית:**

דו ביסט מיר עפּעס היינט צו מיד. רוט, דו וואָלסט גע־דאַרפט גיין און זיך לייגן שלאָפן.

**רוט:**

און דו ביסט אַ גאַנצע חכמה!

**יהודית:**

קלוגער פון דיר!

**משה:**

נו, שאַט, הערט זיך אויף צו קריגן. (צו רוט׳ן) פאַרוואָס האָסטו נישט ליב קיין געשיכטע?

**רוט:**

ווייל שטענדיק איז געשיכטע נאָר פון דעם אַמאָל. (שטעלט זיך אין אַ פּאָזע פון אַ לערער) אַמאָל איז געווען אַ מענטש... אָ איך בין שוין...

**יהודית:**

(שלאָגט איר איבער) מיד?

(אַלע לאַכן.)

**משה:**

אונזער דראַמאַטישער קלוב האָט געמאַכט אַ שפּיל, הייסט זי „אַמאָל און אַמאָל".

**יהודית:**

(נייגעריק) עפּעס אַ שיינע שפּיל?

## ז. ווײַנפּער

**משה:**

אויב די קינדער ווילן, וועלן מיר זי איצט איבערשפּילן.

קולות:

מיר ווילן! מיר ווילן!

**משה:**

(גיט אַ צייכן און דריי קינדער פֿאַרלאָזן דאָס צימער) פֿייגל, דו בלייב זיצן בײַ דער פּיאַנע, און איר, קינדער, שטעלט זיך אַרום מיר.

(אַלע קינדער שטעלן זיך אַרום אים)

**משה:**

(מיט פּיאַנע באַגלייטונג)

אַמאָל און אַמאָל
אין אַ ווייט ווייטן אָרט.

**רות:** (קרימט איבער)

געווען דעם אַמאָל,
ער האָט שוין אַ באָרד!

קולות:

שלאָג אים נישט איבער! שלאָג אים נישט איבער!

**משה:**

אַמאָל איז געווען
זייט שטיל און זייט שאַ!
אַמאָל איז געווען
אַ מעשה אַזאַ!

**רות:** (קרימט איבער)

אַמאָל און אַמאָל,
און וואָס איז מיט הײַנט?
צי האָט בלויז אַמאָל
די זון דען געשײַנט?

**יהודית:** (שמייכלעריש)

אַמאָל האָט אַ פערד
געבלאָנדזשעט אין וואַלד.

# איינגנם

קולות:

געהערט שוין געהערט.
די מעשה איז אַלט!

פייגל:

אַמאָל האָט אַ קו
געבוירן אַ קאַלב —

רות:

(בייז)

געבערט ערגיצוואו
אַ קו דען אַ שוואַלב?

יהודית:

(שטיפעריש)

אַמאָל איז געווען
אַ האָן מיט אַ הון.

פייגל:

און וואָס איז געשען?

רות:

אָ, מע ווייסט שוין דערפון!

אַלע:

(טאַנצן אין אַ ראָד)

אַמאָל און אַמאָל,
כאַ־כאַ! און כאַ־כאַ!
אַ פערד אינ'ם טאָל,
וויאָ־וויאָ! און וויאָ־וויאָ!

אָ, פערדעלע, לויף,
וויאָ־וויאָ! וויאָ־וויאָ!
צום בערגל ארויף,
כאַ־כאַ! כאַ־כאַ!

## ז. ווײַנפּער

אַמאָל איז געווען
אַ האָן מיט אַ הון;
אַמאָל איז געשען,
מע ווייסט שוין דערפֿון!

דער האָן האָט געוועקט
נאַצפֿרי מיט אַ קריי,
די הון האָט געלייגט
פֿאַר קינדער אַן איי.

אַמאָל איז געווען
זייט שטיל און זייט שאַ!
אַמאָל איז געשען
אַ מעשה אַזאַ!

אַמאָל און אַמאָל,
און וואָס איז מיט הײַנט?
צי האָט בלויז אַמאָל
די זון דען געשײַנט?

(עס טאַנצט אַרײַן דער הײַנט — אַ מיידל מיט אַ היטל, ווי אַן עראָפּלאַן און אַ קליידל אין דער פֿאָרמע פֿון אַן אויטאָמאָביל. אַלע קינדער טרעטן אָפּ אָן אַ זײַט.)

הײַנט:
איך, איך, איך, איך,
בין דאָ, בין דאָ, בין דאָ!
איך, איך, איך, איך,
אין אַ גוטער שעה!

איך, איך, איך, איך,
בלויז איך בין דאָ מיט אײַך.
איך, איך, איך, איך,
בין אײַער קעניגרײַך!

# אייגנס

**משה:**
(האַלב צושראָקן) ווער... ווער ביסטו?

**היינט:**
(פאַרנויגט זיך) איך? (שמייכלט) וואָס זשע איר ווייסט עס נישט, קינדער?... איר קאָנט מיך נישט?" איך בין דאָך דער היינט!

**אלע:** (פריילאך)
דער היינט! דער היינט!

**היינט:**
איך בין געקומען אהער היינט גאַנצפרי און מאָרגן אין דער צייט וועל איך שוין דאָ מער נישט זיין! כאַכאַ! איך בין דאָ אַ גאַסט אַף אַ ווייל... נישט מער, ווי אַ גאַסט אַף אַ ווייל, אָבער דערפאַר לעב איך די עטלאַכע שעה, וואָס איך בין דאָ, אַ פריילאַך לעבן!

(טאַנצט טשאַרלסטאָניש.)

אָט דאָרט, אָט דאָ,\
איך לויף, איך פלי,\
און נאָך אַ שעה\
בין איך נישט הי.

אַ שפיל, אַ טאַנץ,\
אַ טרונק, און עס\
אַ גלי, אַ גלאַנץ,\
דערנאָך פאַרגעס.

אהער אהין\
אַ קלאַנג, אַ ליד,\
דערנאָך וואוהין?\
איך ווייס עס ניט.

א צינד, א ברען
און איך גיי אוים.
און וואָס און ווען,
וואָס מאַכט עס אוים?

יהודית:
און וואו געפינסטו זיך, ווען דו ביסט שוין מער נישט הי?

הײנט:
וואו איך געפין זיך? כאַ־כאַ־כאַ! וואָסזשע, איר ווייסט עס גאָרנישט? אַבי איך האָב געמיינט, אז דאָ געפינען זיך קלוגע קינדער?

רוט: (באליידיקט)
אודאי זיינען דאָ קלוגע קינדער!

הײנט:
יאָ? נו, זאָגזשע מיר, מיידעלע, וואָס ווערט פונ׳ם הײנט, ווען ער איז מער נישטאָ?

רוט: (שטאָלץ)
א נעכטן!

הײנט:
און וואָס ווערט פון נעכטן, וואָס איז שוין מער ניטאָ?

יהודית: (שטיפעריש)
אן אייערנעכטן!

(עס קומט אַריין דער „אַמאָל און אַמאָל" — אַ שיינער אַלטעטשקער מיט אַ געקנייטשטן שטערן און אַ שיינע, ווייסע געקרייזלטע באָרד. ער טראָגט א ברייטן מאַנטל און גייט אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן.)

אַמאָל און אַמאָל: (פאַרנייגט זיך)
אַ גוטן אָוונט אייך, ליבע קינדערלאך.

הײנט:
אמאָל... געבענטשט זאָל זיין דיין ווייזן זיך אהער... מיין צייט איז שוין באלד פאראיבער... און איך וועל באלד זוכן אן אָרט צווישן די פאלדן פון דיין מאַנטל...

אמאָל און אמאָל:

נאָך צייט, מיין קינד... נאָך צייט... דער מאָרגן־שטערן האָט זיך נאָך נישט באוויזן... אָבער וואָס האָב איך געהערט, — אַ מיידעלע צווישן אייך האָט מיך גאָר פיינט?

רוט:

(געוואַגט) יאָ, איך בין שוין מיד פון דיר, אַלטער!

אמאָל און אמאָל:

כע, כע, מיד? נו, דאָס איז פארשטענדלאך... כע, כע, פאַר־שטענדלאך... איך בין אַזוי שווער!... אַזוי פיל טעג זיינען אין מיינע פאַלדן באַהאַלטן!... אַזוי פיל טעג... אָבער זאָג מיר נאָר, מיידעלע טייערע, וואָסזשע וואָלסטו וועלן?

רוט:

דעם היינט וויל איך!

אמאָל און אמאָל:

אַזוי גאָר? זייער שיין, מיידעלע. דו געפעלסט מיר!...

(גייט צו צום היינט און נעמט אַראָפּ פון אים דאָס היטעלע.)

נעם עס, קינד.

רוט:

(נעמט דאָס היטעלע) אַן עראָפּלאַן! אָ, ווי גוט! איך וועל פליען, פליען און נישט אויפהערן צו פליען...

אמאָל און אמאָל:

און וואוהין זשע ועסטו פליען?

רוט:

איך וויים נישט... היינט פרעגט נישט וואוהין! היינט פליט און איך וועל פליען מיט'ן היינט!

אמאָל און אמאָל:

און אַז דער היינט וועט אויפהערן צו זיין, מיידעלע?

רוט:

(באַגייסטערט) וועל איך פליען מיט'ן מאָרגן!

(עס באַווייזט זיך דער מאָרגן — אַ אינגל אין שיינע אַרבעטער

ז. ווייַנפּער

קליידער. די אַרבל פאַרקאַטשעט, דאָס פּנים אַ ליכטיקס און אַ שמייכלדיקס. אַפּ'ן קאָפּ אַ זיגערישער לאָרבער־קראַנץ.)

מאָרגן:

(שטרעקט די הענט צו רוט'ן) איך וואַרט אַף אַזעלכע ווי דו, רוט.

רוט:

(באַגייסטערט) ווי שיין דו ביסט, מאָרגן! איך וועל זיך לאָזן אויפ'ן עראָפּלאַן פונ'ם היינט און קומען צו דיר, מיין שיינער מאָרגן.

מאָרגן:

גוט, מיין שיינע רוט, איך וועל וואַרטן אַף דיר... אָבער איין זאַך מוז איך דיר זאָגן, וועסטו מיר הערן?

רוט:

איך הער דיך.

מאָרגן:

וועסטו מיך פאָלגן?

רוט:

(פאַרכשופט) פאָלגן, מיין ליבער.

מאָרגן:

צו מיר מוזטו קומען מיט אַ סך מתנות... איך האָב נישט ליב, אַז מען קומט צו מיר מיט ליידיקן.

רוט:

וואו זשע זאָל איך אָט די מתנות נעמען, מיין ליבער מאָרגן?

מאָרגן:

נעם דעם עראָפּלאַן פון היינט און פלי צו דעם אַמאָל און אַמאָל. (ווייזט אָן אויף דעם אַלטיטשקען) ער האָט אַ סך שיינע מתנות. די שענסטע זאַכן פון מיליאָנען טעג האָט ער צוזאַמען געקליבן און אין די פאַלדן פון זיין ברייטן מאַנטל באַהאַלטן. גיי צו אים, בעט אים און ער וועט דיך נישט אָפּזאָגן.

רוט:

(מיט דעם עראָפּלאַן אין די הענט גייט פּאַמעלאַך צו צום אַמאָל,

## אייגנם

פאַלט אויף די קני.) פאַרגיב מיר, ליבער אַלטיטשקער, איך האָב נישט פאַרשטאַנען, וואָס איך האָב גערעדט.

**אמאַל און אמאָל :**

(שמייכלט גוטמוטיק) איך פאַרגיב דיר, מיין קינד. איך פאַר־ גיב דיר.

(עס עפנט זיך די טיר און עס באַווייזט זיך דער לערער.)

**לערער :**

צייט אריינצוגיין אין קלאַס, קינדער.

**רוט :**

(צום לערער) וועלן מיר היינט לערנען געשיכטע ?

**לערער :**

גו, אודאי, היינט איז געשיכטע.

**רוט :**

(גליקלאַך) גוט. איך האָב אזוי ליב געשיכטע ! (זינגט)
אמאָל איז געווען.

**אלע :**

א מעשה אזא.
אמאָל איז געשען,
זייט שטיל און זייט שא !
(אַלע גייען פריילאַך אָפּ)

פ אָ ר ה א נ ג.

# וואונדער

פּערזאָנען:

| | | |
|---|---|---|
| חיים | | שוואַנען |
| רבקה | | בערגלאַך |
| ברייטער וועג | | גראָזן |
| שמאָלער וועג | | קינדער |

אַ שטיק פלאַכלאַנד. גראָז. לינקס אַ שטיקל פון אַ טייך. העלער נאָכמיטאָג. אפ'ן הימל ווייסע וואָלקנדלאַך. פריער עכאָס פון טריט און געזאַנג. עס באַווייזן זיך קינדער אָנגעטאָן אין קאַקי מיט פעקלאַך אף די פּלייצעס. זינגען.

באַרג־אַרויף
באַרג אַרונטער.
אונדזער טראָט
איז נאָך מונטער.

אויסגעשפּרייט
אונדז אנטקעגן
ברייטע, שמאָלע
וועגן, שטעגן.

איינער ציט זיך
צווישן גראָזן,
וועלן מיר אף
אים זיך לאָזן.

### איינגנם

אַט אזוי אָ,
מיר מאַרשירן —
ערגיץ וועט ער
אונדז דערפירן.

חיים:

(שטרענג): העי, וואָס זיינען דאָס פּאַר אַ ווערטער?
(אַלע שטעלן זיך אָפּ און קוקן פאַרוואונדערט אויף חיים׳ען.)

שטימען:

וואָס איז חיים, וואָס איז געשען?

חיים:

וואָס מיינט איר מיט די ווערטער: „ערגיץ וועט ער אונדז דער־
פירן“? איז דען אונדזער וועג נישט צו די וואַסערפאַלן?

שטימען:

כאַ! כאַ! כאַ! אוי איז חיים אַ נאַר!

חיים:

אַ נאַר?

איינער:

נו, אוודאי אַ נאַר!

אַ צווייטער:

(אַ שנאַל טוענדיק חיים׳ען אין נאָז): עס איז דאָך בלויז אַ לידל.
פאַרשטייסט, דו גולם איינער!

אַ מיידל:

אַזאַ גולם, נעמט און דערשרעקט זיך פאַר אַ לידל, וואָס מען זינגט,
כדי ס׳זאָל זיין לייכטער צו מאַרשירן.

## ז. ווײַנפּער

**חיים:**

(צעטומלט): אזוי גאָר?... און איך האָב געמיינט, אַז אַ לידל איז אַן ערנסטע זאַך...

**שטימען:**

כאַ! כאַ! כאַ! אַ לידל באַ איִם אַן ערנסטע זאַך! כאַ! כאַ! כאַ!

**רבקה:**

און אפשר וואָלטן מיר טאַקע נישט געגאַנגען צו די וואַסער־פּאַלן?

**חיים:**

וואָס מיינסטו, רבקה?

**רבקה:**

(פאַרטראַכט): איך מיין.... אַז אפשר וואָלטן מיר טאַקע.... זיך לאָזן פאַרפירן פון עפּעס אַ וועג...

**איינער:**

אַן איינפאַל אַביסל!

**חיים:**

נו, און די וואַסער־פאַלן?

**רבקה:**

(קאַפּריזנע): די וואַסער־פאַלן! די וואַסער־פאַלן!

**איינער:**

(אומגעדולדיק): העי, חברה, עס ווערט שווערט צו שטיין אויף די פיס!

**רבקה:**

אפשר וואָלטן מיר זיך גאָר אָפּגערוט אַביסל?

**א י י נ ם**

**ח י י ם:**

(שטרענג): ניין, מיר מוזן גיין!

**אַ מ י י ד ל:**

וואָס איז די אײַלעניש? די זון האָט געבאַקט אַ גאַנצן פרימאָרגן און מיר זיינען אַלע אויסגעמאַטערט.

**ש ט י מ ע ן:**

זיך אָפּרוען! זיך אָפּרוען!

**ח י י ם:**

(רעזיגנירט): נו, מילא, אַז איר האָט זיך אַלע איינגעשפּאַרט.

**ש ט י מ ע ן:**

אָט דאָרט פון יענער זייט טייך! עס איז דאָרט קיל און שאָטנדיק!

(אַלע גייען אַהין. בלויז רבקה בלייבט שטיין און באַקוקט מיט פאַר'חלומ'טע אויגן די געגנט.)

**ח י י ם:**

נו, וואָס זשע שטייסט, רבקה?

**ר ב ק ה:**

איך וויל בלייבן דאָ.

**ח י י ם:**

אַליין?

**ר ב ק ה:**

זאָג נאָר, חיים, צו וואָס אייגנטלאך גייען מיר?

## ז. ווײַנפּער

**ח י י ם :**

וואָס הייסט ? מיר גייען זען די וואונדערלאַכע וואַסער־פאַלן !

**ר ב ק ה :**

צוליב וואָס דאַרפט איר די וואַסער־פאַלן ?

**ח י י ם :**

וואָס רעדסטו, רבקה ? דער קלוב האָט באַשלאָסן צו גיין זען דעם גרויסן וואונדער פון די וואַסער־פאַלן.

**ר ב ק ה :**

(קאַפּריזנע) : וואונדער ! וואונדער ! אָבער דאַרף מען דען גיין אַזש צו די וואַסער־פאַלן, כדי צו זען וואונדער ?

**ח י י ם :**

וואָס מיינסטו, רבקה ?

**ר ב ק ה :**

זאָג מיר, חיים וואָס האָסטו געזען דעם גאַנצן פרימאָרגן, וואָס מיר מאַרשירן ?

**ח י י ם :**

גאָרנישט האָב איך דערווייל געזען. בערג, טאָלן, גראָז, בוימער, טייכן און הימל. דאָס איז אַלץ, וואָס איך האָב געזען. דאָס איינגאַנצן און ווייטער גאָרנישט.

**ר ב ק ה :**

(איראָניש) : דאָס איינגאַנצן און ווייטער גאָרנישט. (שטרענג) און איך זאָג דיר, אויב דו און דער גאַנצער קלוב דיינער האָבן גאָרנישט געזען, איז אומזיסט וואָס איר גייט צו די וואַסער־פאַלן !

אייגנס

חיים:

פאַריואָס ?

רבקה:

ווייל איר וועט דאָרט אויך גאָרנישט זען !

חיים:

וואָס מיינסטו ? איך פאַרשטיי דיך נישט !

רבקה:

מענטשן, וואָס קאָנען נישט זען קיין וואונדער ארום זיך, קאָנען זיי אין ערגיץ נישט זען.

חיים:

און וואָס האָסטו היינט געזען ?

רבקה:

איך האָב געזען וואונדער אף יעדן טריט און שריט פון אונדזער מאַרש. פון יעדן גרעזל האָט אַרויסגעקוקט צו מיר אַנאַנדער וואונדער. און ווער שמועסט שוין פון די טייכן, די בערג און דעם הימל ! זע נאָר, חיים (ווייזט אפ׳ן הימל) ס׳אַרא בלויקייט ! ס׳אַרא ברייטקייט ! און שוואַנען שוועבן אין דער הויך.

חיים:

(קוקט אין דער הויך) : וואָס פאַר א שוואַנען ! דאָס זיינען דאָך וואָלקנדלאַך ! ווייסע וואָלקנדלאַך און מער גאָרנישט.

רבקה:

ניין, חיים, דו זעסט שלעכט. דאָס זיינען נישט קיין וואָלקנדלאַך, נאָר שוואַנען, זיי שוועבן איינציקווייז און מחנות׳ווייז. די פליגל

## ז. ווײַנפּער

זײַנען אויסגעשפּרייט און די העלדזוער אויסגעשטרעקט און זיי שווייגן.

**ח י י ם:**

העי רבקה, דו ביסט דאָך אַ פּאָעטעסע!

**ר ב ק ה:**

האַ?

**ח י י ם:**

נו, מיר'ן גיין.

**ר ב ק ה:**

גיי, חיים, גיי צו זיי, און איך וועל בלײַבן דאָ אַליין מיט זיך.

**ח י י ם:**

ווי דו ווילסט. נאָר פֿאַרקריך נישט ערגיץ אַנדערש. ווען מיר וועלן זײַן גרייט ווייטער צו גיין, וועל איך דיך רופֿן.

(חיים גייט אָפּ און רבקה נעמט פּאַמעלאַך אַרונטער דאָס פּעקל באַטראַכט די געגנט און הויבט אָן שטיל צו זינגען.)

זומערדיק, בלענדנדיק,
זוניקע טעג.
ציט זיך די מחנה
מיט שוואַנען אין וועג.

העלדזער געשטרעקט,
פֿליגל געשפּרייט
פֿליען די שוואַנען
פֿון ווינטלאַך באַלייט.

איבער זיי זונשיין,
אונטער זיי גראָז.

## איינגם

טייכן יצושפרייטע,
ווי דורכזיכטיק גלאָז.

פליען די שוואַנען
אַרויף און אַראָפּ.
שפּיגלען די שוואַנען
אין טייך זיך אָפּ.

טייכיקער זילבער,
גראָזיקער גרין —
העי, שוואַנען, פון וואַנען?
העי, שוואַנען, וואוהין?

(זי לאָזט זיך אַרונטער אַפ׳ן גראָז און באַטראַכט די געגנט מיט ווייט אויפגעעפנטע אויגן.)

### רבקה:

(צו זיך): ווי גוט עס איז צו ליגן דאָ אַליין. קוקסט אַף די וועגן און דיר דאַכט זיך אויס, אַז זיי זיינען לעבעדיקע... אָט דער ברייטער וועג, וואָס ציט זיך דאָרטן אַוועק, איז ווי אַ זקן מיט אַ ווייסער באָרד... וויפיל באַשעפענישן האָבן שוין איבער זיין רוקן געטראָטן... און אָט איז אַ שמאָלער וועג... ער לויפט באַם זייט פונ׳ם ברייטן און גיסט זיך צונויף מיט אים דאָרט ווייט באַם האָריזאָנט... ער איז נאָך יונג און האָט נאָך נישט גענוג כוח צו לויפן אַליין... שפּאַרט ער זיך אָן אָן עלטערן פון אים... און דו, מיין קליין שטעגעלע, לופסט לעבן מיר אָט דאָ אויפן גראָז — ווי ווער קוקסטו אויס?... (זי הויבט אויף די אויגן צום הימל) און איר, מיינע שוואַנען?... הם... חיים זאָגט, אַז איר זיינט וואָלקנס... חיים איז אַ נאַר... אַ בלינדער... ער זעט גאָרנישט... גאַאָאָררנייישששט.

(די לעצטע ווערטער רעדט זי אַרויס שלעפערדיק. זי פאַלט צו מיט׳ן קאָפּ צום גראָז און פאַרמאַכט די אויגן. עס קומען אַריין די דריי וועגן.)

## ז. וויינפּער

דערברייטער איז אַ זקן מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד, דער שמאָלער איז אַ יונגערמאַן און דאָס שטעגעלע איז אַ מיידעלע אָנגעטאָן אין גרינעם.)

שטעגעלע:

(טאַנצט אונטער) : אָט איז זי! אָט איז זי! אָט איז זי! (וויל איר אויפוועקן.)

ברייטער וועג:

האָ, וואו איז זי?

שמאָלער וועג:

נו, יאָ, וואו איז זי?

שטעגעלע:

(טאַנצט אונטער) : אָט איז זי! אָט איז זי! אָט איז זי! (וויל איר אויפוועקן.)

ברייטער וועג:

ניטע, קינד. דאָס מיידעלע איז מיד און זי דאַרף זיך אויסרוען... עך, עך, עך, מסתמא געגאַנגען איבער שפּיציקע שטיינער און פאַר־מאַטערט געוואָרן. (מיט באַדויער). הם, יונגע קינדער זיינען נישט קלוג... גייען איבער שפּיציקע שטיינער... ווען זי וועט זיך אופכאַפּן, וועל איך איר איינלאַדן צו גיין איבער מיר. מיין רוקן איז אַלט און אויסגעטראָטן. ווער עס טרעט איבער מיר, דער מאַטערט זיך קיינמאָל נישט אויס.

שמאָלער וועג:

(פּראָטעסטירנדיק) : אויסגעטראָטן! יוגנט דאַרף נישט קיין אויס־געטראָטענע וועגן!

שוואַנען:

(דערפרייט) : דערפאַר דאַרף טאַקע דאָס מיידעלע גיין איבער מיר!

## אייגנס

ברייטער וועג:

אַלטע, גלייכע, ברייטע וועגן —
ניט קיין שטרויכלונגען אנטקעגן!
שמאָלע וועגן — פול מיט גריבער.

שמאָלער וועג:

יוגנט שפּרינגט דאָך גריבער איבער!

שטעגעלע:

יוגנט איז דאָך פריש און מונטער,
האָט זי ליב זיך באַרג אַרונטער
גרינג אַזויאַ זיך צו לאָזן
און צו שפּרינגען איבער גראָזן.

(עס קומען אָן אַ מחנה שוואַנען מיט פּאַטשנדיקע פליגל.)

שוואַנען:

שאַט, שאַט, שאַט, שאַט!
הערט זיך אויף צו קריגן.
שאַט, שאַט, שאַט, שאַט!
לאָזט איר רואיק ליגן.

שטיל, שטיל, שטיל, שטיל!
הערט זי אויף צו וועקן.
שטיל, שטיל, שטיל, שטיל!
איר וועט איר דערשרעקן.

מיר, מיר, מיר, מיר!
פון די ווייסע פליגל.
מיר, מיר מיר, מיר
מאַכן איר אַ וויגל.

פלי, פלי, פלי, פלי!
און מיט איר צוזאמען
פלי, פלי, פלי, פלי
איבער ערד און ימען.

(עס קומען אן בערגלאך און גראזן אין א טאנצנדיקן טראט.)

בערגלאך און גראזן:

זי, זי, זי, זי!
וועט בא אונדז דא ליגן.
זי, זי, זי, זי!
וועט אף אונדז זיך וויגן.

זי, זי, זי, זי!
וועט דא לויפן, שפרינגען.
זי, זי, זי, זי!
וועט אונדז לידער זינגען.

אלע צוזאמען:

שאט, שאט, שאט, שאט!
שטיל און שא זאל ווערן.
שאט, שאט, שאט, שאט!
זאל זי אונדז ניט הערן.

שאט, שאט, שאט, שאט!
שטיל און שא זאל ווערן.
שאט, שאט, שאט, שאט!
אונדז וועט זי געהערן.

(דאס געזאנג איז זייער שטיל. שטיל און שטילער און די זינגענדיקע פארלאזן טאנצנדיק די בינע.) עס דערהערט זיך חיים'ס קול.)

חיים:

(פון הינטער דער בינע): רבקה! העי, רבקה!

אייגנס

ר ב ק ה :

(עפנט די אויגן) : וואָס איז, האַ ?

ח י י ם :

(קומט אַרוף) : קוים וואָס איך האָב דיר געפונען. קום אייל זיך אונטער. אַלע וואַרטן אַף דיר פון יענער זייט טיר.

ר ב ק ה :

צו וואָס ?

ח י י ם :

וואָס הייסט צו וואָס ? די וואַסער־פּאַלן וואַרטן דאָ אַף אונדז מיט זייער וואונדער !

ר ב ק ה :

(הויבט זיך אַף נעמט דאָס פּעקל) : וואונדער ?... (קוקט זיך אַרום.) עך, חיים, חיים, ווער עס קאָן זען וואונדער, זעט זיי אומעטום. (גייט פּאַמעלאַך אָפּ פון דער בינע מיט אויסגעצויגענע ווערטער.) וואונדער זיינען דאָ אומ־עטום !

( פ אָ ר ה א נ ג )

# אַ טאַנץ אין דער נאַכט

אין הינטערגרונט הויכע בערג. פאָרנט פאַר זיי אַ צאָל קלענערע בערגלאַך. דאָ און דאָרטן ביימעלאַך. פון דער רעכטער זייט אַ וואַסערפאַל גראָזן און בלומען. אין דער הויך איבער זיי אַ בלויער אויסגעשטערנטער הימל מיט אַ גרויסער זילבערנער לבנה. פון הינטער די קוליסן הערט זיך אַ כיכיקען.

די הויכע בערג:

הו־הו־הו! הו־הו־הו!
ערגעץ, ערגעץ וואו
אין דער בלויער נאַכט
האָט זיך ווער צעלאַכט

די קלענערע בערג:

אין דער בלויער נאַכט
האָט זיך ווער צעלאַכט?
בו־הו־הו? הו־בו?
וואו, וואו, וואו?

די בלומען:

הא? הא? הא?

די גראָזן:

שאַ, שאַ, שאַ!

די ביימער:

מען טאָר נישט,
מען טאָר נישט,
נישט, שט, שט.

## א י י ג נ ם

דער וואַסערפאַל:

איז גאָרנישט,
איז גאָרנישט,
נישט, שט, שט...

אַ קלאַנג צווישן די ביימער:

זיג־זעג! זיג־זעג!

אַ ווידער־קול:

מע מעג! מע מעג!

(פון הינטער די קוליסן הערט זיך אַ קלינגענדיק־יוגנטלאַך געלעכטער, וואָס חזר׳ט זיך איבער עטלאַכע מאָל אָן אַן אויפהער.)

בערג:

כאַ־כאַ־כאַ!
כאַ־כאַ־כאַ!
ווער האָט זיך צעלאַכט?

ביימער:

שאַ־שאַ־שאַ!
שאַ־שאַ־שאַ!
אין דער שטילער נאַכט!

גראָזן:

טריט־טראָט־טריט!
טריט־טראָט־טריט!
איבער ווייכן גראָז.

בלומען:

און — אַ — ליד

ז. ווײַנפּער

צים זיך צים —
ווער־זשע, ווער איז דאָס ?

וואַסערפֿאַל:

טראַ־לאַ־לאַ !
טראַ־לאַ־לאַ !
דאָס בין איך, איך, איך !

אַלע:

טראַ־לאַ־לאַ !
טראַ־לאַ־לאַ !
דאָס בין איך, איך, איך !

כאַ־כאַ־כאַ !
כאַ־כאַ־כאַ !
דאָס האָב איך געלאַכט
טראַ־לאַ־לאַ !
טראַ־לאַ־לאַ !
אין דער בלויער נאַכט.

הו־בו־הו !
בו־הו־בו !
דאָ און דאָ און דאָרט.
רו־רו־רו !
רו־רו־רו !
הערשט אַף יעדן אָרט.

(שטיל. עס באַווייזט זיך אַן עלטערער אינגל און אַ קלענערער).

עלטערער:

דו הערסט ? אַלץ לעבט אין דער נאַטור.
אַלץ, די בערג, די ביימער ,דער וואַסערפֿאַל,
די בלומען און אפילו די גראָזן לעבן אויך.

# אייגנם

די גראָזן:

(באַליידיקט)

וואָס עפּעס אפילו, האַ?

קלענערער:

אך!

עלטערער:

וואָס האָסטו זיך אַזוי דערשראָקן?

קלענערער:

מיר דאַכט זיך אַז איך האָב זיי געהערט ריידן

עלטערער:

וועמען?

קלענערער:

די גראָזן! די גראָזן!

קלענערער:

אָ, דו ביסט דאָך נאָך גאָר אַ קינד!

קלענערער:

פאַרוואָס?

עלטערער:

ווייל עס איז דאָך גראָז!

קלענערער:

נו, איז וואָס?

ז. ווייגפער

עלטערער:

גראָז קאָן דען ריידן?

קלענערער:

אָבער דו האָסט דאָך געזאָגט אז זיי לעבן!

עלטערער:

יאָ, לעבן, לעבן זיי טאַקע, אָבער ריידן קאָנען זיי ניט.

(גייען אָפּ)

גראָזן:

(באַליידיקט)

העי, בלומען, בערג,ביימער, וואַסערפאַל,
איר האָט געהערט? זיי האָבן אונז באַליידיקט!
זיי האָבן געזאָגט אז מיר קאָנען ניט ריידן!...

אַלע:

ניט אונז האָבן זיי געמיינט!

גראָזן:

נאָר וועמען דען האָבן זיי געמיינט?

אַלע:

דאָס גראָז! דאָס גראָז! דאָס גראָז!

גראָז:

(מיט ווייטיק)

וואָס?

## א י י ג נ ם

אלע:

דאָס גראָז! דאָס גראָז!

גראָז:

נו און איר?

אלע:

כאַ־כאַ־כאַ! מיר?

גראָז:

(באַליידיקט)

הילפלאָז לויפט א האָז
אהין, אהער
הילפלאָזער פון גראָז
ווער איז, ווער?

וויינט און קרעכצט דער האָז
אין דער נאַכט;
העזל אויפ׳ן גראָז
אומבאוואכט.

העזל אויפ׳ן גראָז,
וויין ניט, וויין;
הילפלאָזער איז גראָז
און אליין.

(עס באַווייזט זיך אַן עלטערע מיידל און אַ קלענערע).

עלטערע:

אלץ וואָס איז דאָ איז שוין אמאָל געווען.

ז. װײַנפּער

קלענערע:

מיר אויך?

עלטערע:

אודאי.

קלענערע:

פון װאַנען װײסטו דאָס אַלץ?

עלטערע:

איך האָב עס געלייענט אין אַ ביכל.

קלענערע:

און װאָס אַ שטײגער בין איך געװען אײדער איך
בין געבוירן געװאָרן?

עלטערע:

איך װײס... אפשר אַ בוים, אַ גראָז, אַ בלום, און
אפשר גאָר אַ טראָפּן פון אַ װאַסער־פּאַל?

קלענערע:

(באַגײַסטערט)

אַ װאַסערפּאַל?!

(קוקט מיט אַנטציקונג אויפ'ן װאַסערפּאַל)

װי שײן עס קוקט אויס אָט דער װאַסער־פּאַל! אַזױ זילבערדיק־װײס פּאַלן די װאַ־סערלאַך. פּאַלן און פּאַלן און הערן גאָרנישט אויף צו פּאַלן.

אייננס

וואַסערפֿאַל:

(טריאומפירנדיק)

העי, גראָזן, איר הערט?

קלענערע:

אַך!

עלטערע:

וואָס איז?

קלענערע:

(צעשראָקן)

דער וואַסערפֿאַל האָט עפּעס געזאָגט.

עלטערע:

אָ, נאַרעלע, דאָס האָט זיך דיר נאָר אויסגעדאַכט; דער וואַסערפֿאַל קאָן ניט ריידן.

קלענערע:

הא?

(פֿון הינטער די קוליסן הערט זיך אַ געשריי)

געשריי!

קינדערלאַך מיינע! קינדערלאַך מיינע!
וואו זענט איר?!

ביידע:

אָהאָ! מאַמע!

ז. ווײַנפּער

גערשרײַ:

צײַט צו גײן אין הויז אַרײַן!

בײדע:

מיר גײען! מיר גײען!

(לויפן אָפּ)

וואַסערפּאַל:

(באַלײדיקט)

האַאַאַ־האַ?

גראָז:

(נקמה׳דיק)

כאַ־כאַ־כאַ!

וואַסערפּאַל:

(צעבײזערט)

פּאַל און פּאַל און פּאַל,
וואַסער־וואַסערפּאַל.

זשום און זשום און זשום,
זײַנען מיר דען שטום?

קאַפּ און קאַפּ און קאַפּ,
לויף זײ נאָך און כאַפּ!

גלאַנץ און גלאַנץ און גלאַנץ,
און מיט ווילדן טאַנץ

בויג און נויג און דרײ,
גיס זיך איבער זײ!

## אייגנס

באַימער:

שאַאַאַ־שאַ!

(אַ תּימלאָזער וואַנדערער אין אָפּגעריסענע קליידער באַווייזט זיך און באַ זיין זייט שלעפּט זיך נאָך אַן אָפּגעריסן אינגעלע).

וואַנדערער:

און אָט זיינען ביימער, ביימער זיינען ווי
גוטע מאַמעס. דעקן דיך איין און באַשיצן דיך.

אינגעלע:

און די בערג?

וואַנדערער:

און די בערג זיינען ווי גוטע און געטרייע
וועכטער. דעקן דיך צו און קוקן שטענדיק צום
הימל אַרויף און שווייגן. טראָגן סודות פון
אייביקייט און קאָנען זיי ניט דערציילן.

בערג און ביימער:

(צאָרנדיק)

האַאַאַ־האַ?!

אינגעלע:

אָך!

וואַנדערער:

וואָס איז מיין קינד?

אינגעלע:

איך האָב געהערט קרעכצן.

ז. ווײַנפּער

וואַנדערער:

וועמען?

אינגעלע:

די בערג און די ביימער.

וואַנדערער:

דו ביסט מיד מײַן קינד. קום לאָמיר זיך
אָפּזוכן אַן אָרט אונטער אַ בוים.

אינגעלע:

יאָ זיידע, קום

(גייענדיק בויגט ער זיך איין און רײַסט אָפּ אַ בלימל)

בלומען:

אַך!

אינגעלע:

(צעשראָקן)

דו האָסט געהערט, זיידע?

וואַנדערער:

נו, וואָס איז שוין ווידער?

אינגעלע:

די בלומען האָבן געקרעכצט

וואַנדערער:

גיי שוין גיי, בלומען קאָנען דען קרעכצן?

(ציט אים אַוועק בײַם האַנט)

### אייגנס

**אלע:**

העי, העי, העי!
העי, העי, העי!
בויג און דריי
איבער זיי!

(פון צווישן די בערגלאַך הויבט זיך אויף דער אומרו, — אַ אינגל מיט צעריסענע קליידער און צעפלאָסענע האָר. זיינע אויגן קוקן צאָרנדיק און זייער אומרואיק און אין זיין רעכטער האַנט גלאַנצט אַ שאַרפער מעסער.)

**דער אומרו:**

אַ סוף, אַ סוף, אַ סוף, אַ סוף!
מיט אַט דעם מעסערס שאַרף
וועל איך די רו, דעם שלאָף
דערלאַנגען וואו מען דאַרף.

און וואַכנדיק זאָל ווערן אַלץ
דער מענטש, די חיה און די פוי;
אַ ווילד־צעווילדעוועטער טאַנץ —
ביז מאָרגן־גלי! ביז מאָרגן־גלי!

**אַלע:**

אַ סוף! אַ סוף!
צום רו, צום שלאָף!
מיט מעסער־שאַרף
וואוהין מע דאַרף!

אַ וואַכער וואַלץ
פון אַלץ און אַלץ.
צו רו, צו שלאָף,
צו אַלץ אַ סוף!

(אַלע טאַנצן אַ צעווילדעוועטן טאַנץ)

## ז. ווײַנפּער

אומרו:

וואָלקנס פון דער ווייט,
פול איז שוין די מאָס.
מיינע העלפּערס זייט
רעגנט־גיס און גאָס!

אַפּ'ן הימל הויבן זיך אָן צו באַווייזן שוואַרצע וואָלקנס און אַפּ'ן בינע טאַנצן אַלע דעם ווילדן טאַנץ).

אַלע:

אַ גאָס, אַ גיס,
אַ רייס, אַ ריס!
אַ בויג, אַ דריי.
און איבער זיי!

(פון צווישן די ביימער לויפט אָן דאָס אינגעלע און נאָך אים דער וואַנדערער).

וואַנדערער:

וואוהין לויפסטו מיין קינד?

אינגעלע:

איך האָב מורא, זיידע!

וואַנדערער:

קום צוריק אונטערן בוים מיין קינד, וואָרים עס וועט באַלד רעגענען און בלויז די צווייגן קאָנען אונדז דאָ באַשיצן.

אינגעלע:

אָבער די צווייגן רוישן אַזוי מוראדיק!

## אייגנס

### וואנדערער:

דאָס שאָקלט זיי דער ווינט, מיין קינד,
אָבער זיי זיינען די איינציקע, וואָס קאָנען
קאָנען אונדז דאָ באשיצן.

(פירט אים אַפּ מיט גוואַלד. פון צווישן די צווייגן באַווייזט זיך
די רו; אַ מיידל אין אַ לאַנגן ווייסן קלייד. אירע האָר זיינען צעוואָרפן
איבער אירע אַקסלען און איר פּנים איז זייער רואיק).

### די רו:

ווער האָט צו מיין שלאָף
געמאַכט אַ סוף?
אַ־האַ־אָ, אַ־האָ!
דער אומרו איז דאָ?
נו, גוט. איך בין גרייט. —
אַף לעבן און טויט!
אָדער איך, אָדער דו!
ווייל דאָרטן, וואו רו
קאָן קיין אומרו ניט זיין!
קאָן קיין אומרו ניט זיין!

### אומרו:

(פאַרמעסט זיך אַנטקעגן דער רו מיט׳ן מעסער, אָבער לאָזט פאַלאַז
אַרונטער די הענט).

אוי־וויי־וויי,
איך פארגיי...

(ווערט ביסלאַכווייז פאַרשוואונדן צווישן די בערג)

### אַלע:

אָבער די מענטשן טוען אונדז וויי!

ז. וויינפער

## רו:

נו, האָט מין רחמנות אויף זיי!
(אַלץ ווערט באַרואיקט)

אָן א קאמף,
אָן א שלאכט,
הערשט די רו
אין דער נאכט.
הימל־בלוי,
שטערן־גלאנץ; —
רואיק איז
אונדזער טאנץ.
שטיל, שטיל ,שטיל,
פאל, פאל, פאל,
אין דער נאכט
וואסער־פאל.
אַט אזוי —
זשום, זשום, זשום,
ווי דער גראָז
און די בלום.
ווי דאָס גראָז
און דער בוים
אָט אזוי —
קוים, קוים, קוים.
שטיל, שטיל, שטיל,
און פארטראכט,
אונדזער טאנץ,
אין דער נאכט.

פאָרהאנג.

# אינהאלט: